גוסטאוו לאנדויער

# די רעוואלוציע

ייִדיש פון י. נ. שטיינבערג

מיט א פארוואָרט פון מאקס נעטלוי



ווארשע 1933

# אינהאלטס-פארצייכעניש

# פאָרוואָרט

„סאָציאָלאָגיע איז נישט קיין וויסנשאַפט" — אָט דידאַקטיקע ווערטער, וועלכע גוסטאַוו לאַנדויער האָט אַוועקגעשטעלט אין דעם אָנהויב פון זיין בוך „רעוואָלוציע", באַטייטן פאַר מיר פאָלגנדיקעס: עפּעס ממשותדיקעס וועט מען קענען זאָגן וועגן דעם סאָציאַליזם ערשט דעמאָלט, ווען מען וועט קענען זען מיט די אויגן אַ לעבעדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. ביז צו יענער צייט קענען נאָר דיכטער און דענקער, רעבעלן און סאָציאַל-פּסיכאָלאָגן האָבן אַ פאָרגעפיל וועגן דעם פאַרווירקלעכטן סאָציאַליזם. אַלע פּלענער פון סאָציאַליזם, וועלכע פליסן אַרויס פון די עקזיסטירנדיקע צושטאַנדן, זענען נאָר השערות, ווייל מיר קענען נישט וויסן, וועלכע געשעענישן וועלן אָפּשיידן דעם פאַרווירקלעכטן סאָציאַליזם פון דער איצטיקער און שפּעטערדיקער קעגנוואַרט, צי עס וועלן בכלל זיין מעגלעך פאַרבינדונגען מיט דעם עבר, אָדער מען וועט מוזן מאַכן אַ נייעם אָנפאַנג.

דעריבער איז עס קוים צו גלויבן, אַז גראָד איין-איינציקער מענטש זאָל קענען אַרויסגעפינען דעם זיכערן וועג צו דער אומבאַקאַנטער צוקונפט, יעדנפאַלס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך צו דערווייזן עס, טאַקע דערפאַר ווייל מיר קענען נישט די קומענדיקע אַנטוויקלונג. דאָס צווינגט אונז צו זיין טאָלעראַנט און ברייטהאַרציק אויף דעמדאָזיקן געביט און נישט פאָרשטעלן זיך די זאַך אַזוי, אַז יעטוועדער נייער באַדייטנדיקער סאָציאַליסט קאָן, למשל, אַריבעריאָגן און איבערפליסיק מאַכן די פריערדיקע סאָציאַליסטישע דענקער. פונקט אַזוי טאָר מען נישט מיינען, אַז אַ דאַנק, למשל, דעם גרויסן טאַלענט פון אַ יחיד — צי דאָס איז אַ מאַרקס אָדער אַ קראָפּאָטקין —

קאָן דערװײַל אָפּגעשלאָסן װערן די אַנטװיקלונג פֿון דער סאָציאַליסטישער דערקענטעניש. מיר פֿאַרשמעלערן און פֿאַרפֿלאַכן דערפֿון נאָר אונזער גײַסטיקן האָריזאָנט. פֿאַרקערט, עס איז אַ סך בעסער, װען מיר פֿרײען זיך מיט דער פֿאַרבנרײַכער פֿאַרשײדנקײט פֿון די סאָציאַליסטישע קאָנצעפּציעס, װאָס יעדע אײנע פֿון זײ װירקט אױף דעם מענטשלעכן גײַסט און נשמה און זײ אַלע צוזאַמען שאַפֿן אַ קאָלעקטיװ־שטראָם פֿון באַפֿרײַענדיקן סאָציאַלן װילן. נאָר די איבערלעבטע מאַכט פֿון אָט דעם קאָלעקטיװ־שטראָם װעט אױפֿרײַסן די הײַנטיקע מלוכה־פֿורמעס און סאָציאַלע צװאַנגס־אַנשטאַלטן; נאָר זי װעט אױך נישט צולאָזן, אַז אידעאָלאָגן מיט אַ קלײנלעכן און זשעדנעם כאַראַקטער זאָלן אָפּפֿירן דעם שטראָם פֿון דעם קאָלעקטיװן װילן אױף זײערע אײגענע, קלײנע מילן און פֿעלדער.

אַזױ איז עס אָבער געװען זינט גאָר אַ סך יאָרן, טעאָרעטיש אַ דאַנק דער אײנזײַטיקער שטאַטס־סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, װעלכע איז מבטל די פֿרײַהײט און פּראַקטיש — אַ דאַנק די פּאַרטײען, װעלכע האָבן זיך געשטיצט אױף דערדאָזיקער ליטעראַטור. נעבן די אײניקע גרױסע סאָציאַליסטן פֿון דער אַלגעמײן־מענטשלעכער אַרט, װי פֿוריע, סען־סימאָן, אָאוען און אַנד., זענען אָבער שױן פֿון לאַנג־אָן געשטאַנען די פֿרײַהײטלעכע סאָציאַליסטן, די אַנאַרכיסטן, אַלס די אײנציקע אָנזאָגער פֿון אַ פֿולקאָמענעם, סאָלידאַריטעט און פֿרײַהײט פֿאַרװירקלעכנדיקן סאָציאַליזם. דאָס זענען געװען גאָדװין און װאָרען, פּרודאָן און שטירנער, רעקלו און קערדערױ, באַקונין, מאַלאַטעסטאַ און קראָפּאָטקין, ריקאַרדאָ מעלאַ און װאָלטערין דע קלער, — אין דערדאָזיקער רײ פֿון גרױסע מענטשן שליסט זיך װירדיק אײַן אױך גוסטאַװ לאַנדױער. מיר האַלטן טאַקע שטאַרק װעלן, אַז די צאָל פֿון דידאָזיקע מענטשן זאָל זיך פֿאַרגרעסערן דורך אַלץ נײַע כּוחות, װעלכע זאָלן זײַן פּונקט אַזױ שטאַרק פֿאַרװאָרצלט אין דעם לעבן פֿון דער הײַנטיקער קעגנװאַרט, װי יענע — אין דעם לעבן

פון זייער צייט. מיר וואָלטן אָבער דערביי נישט וועלן פאַר-
לירן אָדער פאַרגעסן כאָטש איינעם פון יענע אַלטע וועטעראַ-
נען; מיר קאָנען קיין איינעם פון זיי נישט באַטראַכטן אַלס
פאַרעלטערט און אָפּגעלעבט. מיר פאַרגעסן דאָך נישט, למשל,
די גרויסע דיכטער און קינסטלער פון דער פאַרגאַנגענהייט!

דערפאַר איז דאָס זייער דערפרייענדיק, וואָס אַ ווערק
פון בוסטאַמענטע לאַנדויער ווערט אַריינגעפירט אין אַ נייער שפּראַך.
פּונקט אַזוי ווי מעללאַ אין שפּאַניע, ווי וואַלטערין דע קלער
אין אַמעריקע, ווי דער אויך ביי די פראַנצויזן פאַרגעסענער
קערדערויאַ, איז אויך לאַנדויער ביז איצט זייער ווייניק אי-
בערזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן. אמת אין יאָר 1921
איז דערשינען אַ יידישע אויסגאַבע פון דעם „אויפרוף
צום סאָציאַליזם"1) און אַ שפּאַנישע אויסגאַבע ווערט
איצט צוגעגרייט. אַזאַ קליינע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרשפּרייטונג
איז באַזונדערס דער מזל פון אַזעלכע שריפטשטעלער, וועלכע
זענען פאַרוואָרצלט אין דעם מהות פון זייער לאַנד, וועלכע
דערשיינען אויף דעם ערשטן אויגנבליק פרעמד פאַר אַנדערע
לענדער; אויב זיי באַזיצן אַ באַדייטנדיקן ווערט, קומט זייער
צייט ערשט שפּעטער.

דאָס כמעט 30-יאָריקע קעמפער-לעבן פון לאַנדויער איז
ווערט, אַז מ'זאָל עס אויף אַ גאַר ברייטן אופן באַטראַכטן.
דערצו איז אָבער נויטיק אויסצופאָרשן זיינע געדאַנקען, וועלכע
זענען צוזאָרפן אין אַ ריי צייטשריפטן, וועלכע ער האָט אליין
רעדאַגירט, אין פרעמדע צייטשריפטן, בראָשורן, איינציקע ביכער
און אין זיין גרויסן בריף-וועקסל. ס'איז אויך נויטיק אויפ-
צוזאַמלען די איינדרוקן וועגן זיין פּערזענלעכקייט, אַלע מאַ-
טעריאַלן וועגן זיין לעבן און דעם קרייז פון זיינע פריינט
און חברים. די אַרבעט איז זייער גרויס, ווייל לאַנדויער איז
געווען פאַרבונדן מיט אַלע פרייהייטלעך-סאָציאַלע, ליטעראַריש-

1) איבערזעצט פון דייטש דורך ה. פרענק און ב. ראָזענטאַל, וועלט-
פאַרלאַג, בערלין 1921.

קינסטלערישע אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען פֿון זײַנע 30 יאָר קעמפֿערישן לעבן. דערצו איז ער נאָך געווען פֿאַרבונדן מיט די פֿילאָזאָפֿישע, עסטעטישע, היסטאָרישע ספּעציעלע געביטן, מיט דער ליטעראַטור, אַלס קינסטלער און קריטיקער, מיט דעם טעאַטער, אַלס קינסטלערישער ראַטגעבער, און באַזונדערס אויך מיט סאָציאַליסטיש-אַנאַרכיסטישע קרײַזן, מיט אַלע מעגלעכע פּראָלעטאַרישע ריכטונגען, — הכלל מיט אַלץ, וואָס האָט אין יענער צײַט גײַסטיק געלעבט און געשאַפֿן, רעבעליש געפֿילט, נאָך עסטעטישער האַרמאָניע געשטרעבט און זיך פֿילאָזאָפֿיש פֿאַרטיפֿט. נישט געקוקט אויף דעם, האָט ער שטענדיק אָפּגעהיט זײַן פּערזענלעכע אײגנאַרטיקייט, איז דערפֿאַר טאַקע שטענדיק געשטאַנען כמעט אײנזאַם און איז פֿון אַ סך מענטשן נישט פֿאַרשטאַנען געוואָרן. אַן עכטע ביאָגראַפֿיע פֿון לאַנדויער איז ביז איצט נישטאָ דערפֿאַר, ווײַל קײנער איז נישט געווען אין דער לאַגע אַרומצונעמען די אַלע געביטן פֿון זײַן לעבן מיט דער נויטיקער זאַך-קענטעניש. אַ סאָציאַליסט, וועלכער איז גוט באַהאַוונט אין זײַן געביט, וואָלט נישט געקאָנט אײַנגאַנצן אַרומנעמען די קינסטלערישע זײַט פֿון זײַן וועזן און זײַנע באַזונדערע פֿילאָזאָפֿישע אינטערעסן; פֿאַרקערט, אַ קינסטלער און אַ פֿילאָזאָף וואָלט מסתמא זײער ווײניק אַרומגענומען דעם סאָציאַליסטישן געביט פֿון זײַן טעטיקײט. דאָ באַשטײט אַפֿילו די געפֿאַר, אַז מען וואָלט בײַ לאַנדויער — פּונקט ווי בײַ וויליאַם מאָריס און, אין אַ געוויסן גראַד, אויך בײַ עליזע רעקלין און קראָפּאָטקין — ביסלעכווײַז אונטערגעשאַצט און אָפּגעשוואַכט דעם סאָציאַליסטישן קערן פֿון זײַן לעבן לטובֿת זײַן עסטעטישער, מאָראַל-פֿילאָזאָפֿישער און וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט. אין דער אמתן זענען זײ אַלע געווען האַרמאָנישע, גאַנצע מענטשן, וואָס זײערע סאָציאַליסטישע, עסטעטישע אָדער וויסנשאַפֿטלעכע אינטערעסן זענען געווען אינערלעך פֿאַרבונדן אײנע מיט די אַנדערע און וואָס מען קאָן זײ נישט קינסטלעך אָפּרײַסן פֿון זײער פֿולער פּערזענלעכקײט.

לאַנדויער איז געבוירן געוואָרן דעם 7-טן אַפּריל 1870
אין קאַרלסרוהע (באַדען), אַלס זון פון אַ פאַרמעגלעכן קליי-
דער-סוחר, האָט באַזוכט די דאָרטיקע רעאַל-שול און שפּעטער
די גימנאַזיום. אָבער — ווי ער האָט שפּעטער ביי אַ געלעגנ-
הייט דערציילט אין זיין צייטשריפט „סאָציאַליסט" פון 15-טן
יוני 1913 — „היות ווי איך בין שוין שטענדיק געווען פאַר-
איינזאַמט, האָב איך אויך אין דער שול-צייט געצויגן מיין
גייסטיקע יניקה אייגנטלעך נאָר פון טעאַטער, פון מוזיק און
ראשית כל פון ביכער". ער האָט געצויגן יניקה פון אַ איבּ-
סען, אַ ריכאַרד וואַגנער, אָבער נאָך נישט פון סאָציאַלע איינ-
דרוקן. „איך בין געוואָרן רעבעליש און האָב זיך דערפילט
אין אַ סתירה צו דער אַרומיקער געזעלשאַפט נישט צוליב
מיין קלאַסן-שייכות און נישט צוליב אַ סאָציאַלן מיטגעפיל,
נאָר צוליב דעם, וואָס מיין ראָמאַנטישע בענקשאַפט האָט זיך
שטענדיק אָנגעשטויסן אָן די ענגע קליין-בירגערלעכע ווענט.
אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז איך בין געוואָרן אַן אַנאַר-
כיסט (נישט קענענדיק אַפילו דעם נאָמען) נאָך איידער איך
בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט, און אַז איך בין איינער פון די
ווייניקע, וועלכע זענען נישט דורכגעגאַנגען דעם וועג פון דער
סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. נאָך איבסען איז ביי מיר געקומען באַלד
ניטשע, ראשית כל זיין זאַראַטוסטראַ... איך האָב שוין לאַנג
געלעבט מיט די פילאָזאָפן און האָב שוין אַלס גימנאַזיסט גע-
לייענט שאָפּענהויער און שפּינאָזאַ". אויסער אָט דעמדאָזיקן
איינפלוס איז לאַנדויער פאַר און נאָך 1890 (בעת ער האָט אַ
פּאָר יאָר שטודירט אין בערלינער אוניווערזיטעט) געשטאַנען
אונטער דער השפּעה פון געוויסע ליטעראַר-פילאָזאָפישע קרייזן,
פון דער דעמאָלטיקער אַקטיווער, יונגער דייטשישער ליטעראַ-
טור, וועלכע איז ווידעראַמאָל געשטאַנען אין ענגע באַציאונגען
מיט דעם דעמאָלטיקן סאָציאַליזם. אין יענע יאָרן איז אין
דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָנגעגאַנגען אַ רעבעליע
פון די אומצופרידענע יינגערע עלעמענטן קעגן די געזעסיקטע
אַלטע פירער פון בעבעלן ביז ענגעלסן. דידאָזיקע רעבעליע

האָט געפירט צו א פולשטענדיקער אָפּשפּאַלטונג פון די „אומ-
אָפּהענגיקע“, וועלכע זענען שפּעטער צום טייל אַריינגעגאַנגען
אין דעם לאַגער פון קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם. „ד ע ר ס אָ צ-
י אַ ל י ס ט“, א וואָכנבלאַט, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען
דעם 15-טן נאָוועמבער 1891, איז געווען דער געמיינזאַמער
אָרגאַן פון דערדאָזיקער יונגער ריכטונג. דאָ איז שוין באַלד
אויפגעטרעטן א קלאָרע אַנטימאַרקסיסטישע, אַנטי-שטאַאַטלעכע
ריכטונג, וועלכע איז אין דער ערשטער צייט געווען פאַרטרעטן
דורך בענעדיקט פרידלענדער און וועלכע האָט אָנגעקניפּט אָן
די אידעען פון דירינגן, ווי ער האָט זיי פאַרטרעטן אין
זיין ראַדיקאַלער צייט מיט צוואַנציק יאָר צוריק. די אידעען
פון דירינגן האָבן טאַקע בשעתּו אָפּגעשפּיגלט דעם קאָלעק-
טיוויסטישן אַנאַרכיזם פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל;
אויסער ביי פרידלענדערן האָבן זיי געפונען אַן אויסדרוק
אויך אין דער אינטערעסאַנטער אוטאָפּיע: „פרייַלאַנד, א סאָ-
ציאַל בילד פון דער צוקונפט“, א בוך פון ד״ר טעאָדאָר
הערצקא (1890). ווי באַקאַנט, איז מיט אָט די אידעען געווען
א ריי יאָרן פאַרבונדן א באַוועגונג, וועלכע האָט צוגעגרייט
א גרעסערע עקספּערימענטאַל-קאָלאָניע אין אַפריקע. לאַנדויער
איז געווען באַקאַנט מיט דעמדאָזיקן קרייז פון די יונגע די-
רינגיאַנער. „איך קען אַן איידעלן, שטאַרקן און מוטיקן ייד,
וועלכער האָט געקעמפט פאַר דער פריינטשאַפט פון דירינגן
און וועמען דאָס האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן: דאָס איז
געווען דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער בענעדיקט פרידלענ-
דער“ — האָט לאַנדויער געשריבן אין יאָר 1909 צו פריץ
מאַוטנער, דעם דייטש-בעהמישן שריפטשטעלער, וועלכער איז
אין לאַנדויערס אוניווערזיטעטס-יאָרן געווען איינער פון
די באַקאַנטסטע דראַמאַטישע און ליטעראַרישע קריטיקער פון
בערלין. אין זיין צייטשריפט „דייטשלאַנד“ איז טאַקע דערשי-
נען איינע פון די פריסטע אַרבעטן פון לאַנדויער: „וועגן עפּי-
שער און דראַמאַטישער פּאָעזיע“ (יאַנואַר 1890). דאָס איז אגב
געווען א וויכטיקע אָנערקענונג פון זיין טאַלענט מצד דעם

זייער קריטישן מאָן, וועלכער איז ביז צום לעצטן מאָמענט
געבליבן לאַנדויערס פריינט און האָט נאָך אין דעם ווינטער
1919—1918 געאַרבעט אויף זיין ריזן-ווערק: „דער אַטעאיזם
און זיין געשיכטע אין מערב-לאַנד" (4 בענדער 1924—1920).

דער יונגער לאַנדויער איז געקומען צום סאָציאַליזם און
סאָציאַלער דערפאַרונג און עקאָנאָמישע שטודיעס, אָבער אדאַנק
זיין גרויסער זעלבסטבילדונג איז ער געווען ביכולת זייער
קריטיש צו באַאורטיילן גייסטיקע, מאָראַלישע און עסטעטישע
אידעען. דערפאַר טאַקע האָט אים נישט באַאיינפלוסט אַנט-
שיידנדיק קיין איין סאָציאַליסטישער דענקער, נישט דירינג
אָדער מאַרקס, נישט קראָפּאָטקין אָדער פּרודאָן. ער איז געווען
און פאַרבליבן אַ מענטש פאַר זיך, אָבער נישט אין דעם זין
פון אַן איזאָלירונג, נאָר אין דעם זין, וואָס ער האָט ביי
יעדן סאָציאַליסט גענומען דאָס פרוכטבאַרסטע אין אים. אָט
אַזוי ווי מען קאָן זיין דאַנקבאַר יעדער בלום באַזונדער. צו-
ערשט שרייבט ער אין דעם „סאָציאַליסט", דעם 27-טן אוי-
גוסט 1892, אַ רעספּעקטפולן(?) אַרטיקל איבער דירינגס אידעען.
ער באַציט זיך צו זיי מיט סימפּאַטיע. אָבער גלייכצייטיק מיט
אַזויפיל קריטיק, אַז פרידלענדער מוז אינטערווענירן. דעמאָלט
ברענגט לאַנדויער זיין ערשטן גרויסן אַרטיקל: „דירינגיאַנער
און מאַרקסיסט" (22 אָקטאָבער), אין וועלכן ער רעכנט זיך
אָפּ מיט דיביידע ריכטונגען. אין דעצעמבער פון דעםזעלבן
יאָר האָב איך אים געזען אין ציריך, בעת ער האָט אין דעם
פאַריין „איינטראַכט" באַגרינדעט די שטעלונג פון די „אומ-
אָפּהענגיקע" צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע; דאָס איז געווען
אַ גלענצנדיקע רעדע, אין וועלכער ער האָט אָבער זיין אי-
גענעם שטאַנדפּונקט נישט אויסגעדריקט. אין אַ קורצער צייט
אַרום איז ער און נאָך אַ פּאָר אַנדערע אין ציריך שוין
דירעקט אַרויסגעטרעטן קעגן אויגוסט בעבעל. לאַנדויער איז
נישט שולדיק אין דעם, וואָס דידאָזיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע
אָפּאָזיציע איז דעמאָלט נישט צונויפגעשמידט געוואָרן, כדי

ארויסצוטרעטן אלס א נייע רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע אי-
דעען-פּאַרטיי. צוזאַמען מיט די סינדיקאַטן, וועלכע האָבן זיך
גראָד דעמאָלט אויך אָפּגעטיילט פון די פּאָליטיקער (אין
פראַנקרייך געפירט דורך פ. פּעלוטיע), וואָלט זי געקאָנט שאַפן
א פּאָליטיש און עקאָנאָמיש אַקציע-פעאיקע רעוואָלוציאָנערע
באַוועגונג, אָנגעפירט פון אַנאַרכיסטן, ווי פּעלוטיע, פּוזשע,
דאָמעלאָ ניווענהואיס, לאַנדויער און אנד. זי וואָלט געקאָנט
בילדן אַן אַנטשיידנדיקן כח קעגן דעם פּאַרלאַמענטאַרישן מאַרק-
סיזם, וואָס האָט געשאַפן יענע ווילנסלאָזע, נישט-אַקטיווע מאַסן,
וועלכע דער דיקטאַטאָרישער מאַרקסיזם (באָלשעוויזם) האָט שפּע-
טער אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט און אונטערגעוואָרפן זיין
יאָך. אָבער מען האָט דאָס דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען אין דעם
גאַנצן פאַרנעם און מען האָט נישט דורכגעפירט די אויפגאַבע
מיט ענערגיע. אין דייטשלאַנד איז א טייל פון די אומאָפּהענ-
גיקע באַלד ווידער אַוועק צוריק צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע,
בעת אַנדערע האָבן אָנגענומען דעם קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם
אין דער פאָרם פון א נייער דאָגמע, וועלכע זיי האָבן אַוועק-
געשטעלט אויפן אָרט פון דער מאַרקסיסטישער דאָגמע און זי
אויך באַטראַכט אלס אומפאַרענדערלעך און אייביק. לאַנדויער,
דער פלייסיקער און טאַלענטפולער מענטש, איז געוואָרן דער
רעדאַקטאָר פון „סאָציאַליסט". אָט די אַרבעט און א פאַראור-
טיילונג צו 11 חדשים געפענגעניש האָט איבערגעריסן זיינע
אוניווערזיטעט-שטודיען; דערפאַר האָט ער פאָרטגעזעצט זיין
זעלבשטענדיקע בילדונג. ער האָט שטאַרק געשטרעבט
צו פאַרבינדן צו געמיינזאַמער אַרבעט אַלע כחות, וואָס שטייען
אויף דעם באָדן פון דעם אַנטי-מלוכהשן קאָלעקטיוויזם; פער-
זענלעך האָט ער פאַרטיידיקט די אידעע פון דעם „פולן אַר-
בעטס-פּראָדוקט" פאַר יעדערן, אין קעגנזאַץ צו דער אידעע
פון דעם „פרייען רעכט אויף געניס" פאַר אַלעמען. אָבער די
אַלע ריכטונגען האָבן זיך אָנשטאָט דעם צעשפּליטערט און
יעדע האָט געהאַלטן פאַר נויטיק אַריבערצוציען אויף איר
צד די קעגנער אָדער צו באַקעמפן זיי עד חורמה. לאַנדויער

האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, כּדי צו פאַראייניקן אויף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן די אַלע דאָזיקע כּחות; ער האָט זיך באַמיט אוועקצושטעלן פאַר זיי געמיינזאַמע אויפגאַבן, ווי למשל אין יאָר 1895, בעת ער האָט אַרויסגערוקט, לויט די אָנרעגונגען פון זיין חבר ווייזע, די אידעע פון אַ פרייהייטלעכער קאָאָפּעראַטיוו-באַוועגונג; ער האָט געזוכט אַריינצודרינגען ווו נאָר מעגלעך אין אַלגעמיין-מענטשלעכע פראַגן. אָבער טאַקע וואָס מער ער האָט געזוכט אויף אַזאַ אופן צו פאַרברייטערן און הומאַניזירן די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג, אַלץ ווייניקער האָט ער באַפרידיקט דעם עולם אַנאַרכיסטן, וועלכע זענען אַרויסגעטרעטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און וועלכע האָבן פאַרלאַנגט, אַז זייער רעדאַקטאָר זאָל זיי וואָך אין וואָך צושטעלן אַ קלאָר-פּראָגראַמאַטישן, אַזוי צו זאָגן, גייסטיק-אָבליגאַטאָרישן אַנאַרכיזם. צוליב דעם האָבן זיי אין פרילינג 1897 איינגאַנצן איבערגעריסן מיט לאַנדויערן און געגרינדעט אַן אייגן בלאַט. לאַנדויער מיט זיינע נענטערע חברים האָבן ווייטער אַרויסגעגעבן דעם „סאָציאַליסט", אָבער אין יאָר 1899, בעת לאַנדויער איז ווידער אַריינגעזעצט געוואָרן אויף זעקס חדשים, האָט זיך דאָס בלאַט פאַרמאַכט.

פון דעמאָלט אָן איז ער געשטאַנען אָן אַ זייט פון דער טאָג-פּראָפּאַגאַנדע. אין זיינע „אַנאַרכיסטישע געדאַנקען איבער אַנאַרכיזם" („די צוקונפט", בערלין, 26 אָקטאָבער 1901) האָט ער אויפן גרונט פון אַ צען-יאָריקער דערפאַרונג אונטערגעפירט אַ געוויסן סך הכּל. „דאָס איז ווידעראַמאָל אַ גרינדלעכער טעות: אַז מען קאָן אָדער מען מוז ברענגען דער וועלט דעם אַנאַרכיזם, אַז די אַנאַרכיע איז אַן ענין פון דער מענטשהייט, אַז צוערשט וועט מען זיך אָפּרעכענען מיט די פריינט און שפּעטער וועט קומען דאָס מלכות שמים אויף דער ערד. יעטוועדער, וועער עס וויל ברענגען דער וועלט די פרייהייט — און דאָס הייסט דאָך ז יי ן אייגענע אויפפאַסונג פון דער פרייהייט — איז אין תּוך אַ דעספּאָט, אָבער נישט קיין אַנאַר-

ביסט. די אַנאַרכיע װעט קיינמאָל נישט זיין אַן ענין פון די מאַסן, זי װעט קיינמאָל נישט קומען צו דער װעלט דורך אַן איבערפאַל אָדער דורך אַ באַװאָפנטן אויפשטאַנד. און פונקט אַזוי װעט מען אויך נישט קאָנען פאַרװירקלעכן דעם אידעאַל פון פעדעראַליסטישן סאָציאַליזם דערמיט, װאָס מען װעט װאַרטן, אַז דער שוין אויסגעשפּיכערטער קאַפּיטאַל און די ערד װעט איבערגיין אין די הענט פון פאָלק. די אַנאַרכיע איז נישט קיין ענין פון דער צוקונפט, נאָר פון דער קעגנװאַרט; זי איז נישט פאָדערונג, זי איז לעבן. עס האַנדלט זיך נישט װעגן דער נאַציאָנאַליזירונג פון די דערגרייכונגען פון עבר, עס האַנדלט זיך װעגן אַ נייעם פאָלק, װעלכעס שאַפט זיך צװישן אַלע אַנדערע פעלקער, אָנהויבנדיק מיט קליינער פּיאָ-נערישער אַרבעט אין לאַנד-קאָלאָניזאַציע און אין פאַרשיידענע נייע געמיינשאַפטן. עס האַנדלט זיך ענדלעך זיך נישט װעגן דעם קלאַסן-קאַמף פון די באַזיצלאָזע קעגן די באַזיצער, נאָר װעגן דעם, אַז פרייע, אינערלעך-געפעסטיקטע און זיך-באַהערשנדיקע נאַטורן זאָלן זיך אָפּשיידן פון די מאַסן און זיך פאַרבינדן אין נייע פאָרמאַציעס".

די שריפטן פון לאַנדויער מוז מען לייענען זייער אויפ-מערקזאַם, זיינע געדאַנקען מוז מען באַטראַכטן נאָר אין צו-זאַמענהאַנג מיט זיין גאַנצן סיסטעם. ער געהער לחלוטין נישט צו יענע, װעלכע זאָגן זיך אָפּ פון קלאַסן-קאַמף און רעװאָ-לוציע אָדער פאַראַכטן די מאַסן, ער גלויבט אָבער נישט, אַז מען קאָן איבעראַנדערשן די מענטשן דורך דיקטאַטורן: צי דאָס זענען העלדישע פירער, אָדער שטורעמדיקע אידעען, אָדער אומדערװאַרטעטע סיטואַציעס. דאָס זענען אַלץ אויסערלעכע פאַקטאָרן, װעלכע מען קאָן, פאַרשטייט זיך, אויסנוצן לטובת דער אַנאַרכיע, װעלכע פירן אָבער נישט תיכף דערצו, אַז מענטשן זאָלן לעבן אַלס אַנאַרכיסטן, װייל זיי זענען דערצו נישט צוגעגרייט. אַלצדינג אין לעבן מוז צוגעגרייט װערן, יעדע דערפאַרונג בויט זיך אויף קליינע התחלות — און אַזוי איז דאָס אויך מיט דער אַנאַרכיע. דערפאַר האָט ער פאַרלאַנגט,

אַז זי זאָל זיך טאָג-טעגלעך פאַרווירקלעכן אין דעם דענקען און אין דעם לעבן פון יעטוועדן יחיד, סיי אינערלעך, סיי אויסערלעך, שאַפנדיק, ווי גאָר טעגלעך, גייסטיקע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע געמיינשאַפטן. איך וויל ביי אָט דער געלעגנהייט ברענגען נאָך עטלעכע ווערטער פון לאַנדויער; ווען מען וועט זיי ערנסט דורכטראַכטן, וועט מען זיי ריכטיק פאַרשטיין. „פּונקט אַזוי זע איך אויך, אַז די מאַסן, וועלכע ווילן זיך ראַטעווען פון דער סאָציאַלער נויט און אומזיכערקייט, האָבן גאָר ווייניק צו טאָן מיט יענע העכסטע קולטור-באַדערפענישן און זעלישע נויטן, פון וועלכע איך רעד דאָ. דאָס, פאַר וואָס מיר, די איינצלנע, קעמפן, איז פאַר זיי גאַנץ אומוויכטיק. און עס וואָלט געווען אַ שעדלעכע ראָמאַנטיק צו מיינען, אַז די שנוּיִים, צו וועלכע עס שטרעבן די סאָציאַל-אָפּהענגיקע און אָרעמע מאַסן, זענען אידענטיש, אָדער אַפילו נאָר ענג פאַרבונדן, מיט יענעם איבערקער פון דעם מענטש, וועגן וועלכן איך רעד דאָ. מיר מוזן איינזען, אַז ס'איז פאַראַן הונדערטער וועגן סיי מלוכהשע, סיי נישט-מלוכהשע, כדי די מאַסן מיט עפּעס צו העלפן; מיר מוזן זיך אָפּגעוויינען צו פאַרבינדן יעטוועדע פאַרבעסערונג און שנוי אויף זייער לאַגע נאָר מיט אונזער העכסטן לעצטן ציל און דערביי בשום אופן נישט וועלן טאָן עפּעס וואָס אַנדערש. עס איז אַ וווּנדערבאַרע אידעע אַזוי צו פאַרבינדן דעם ווילשטאַנד, דעם מזל פון די מאַסן און די אינערלעכע נויטווענדיקייט פון דער קולטור, אַז די ביידע צילן זאָלן דערגרייכט ווערן אויף איין וועג. אָבער אָט די אידעע איז פאַלש, פּונקט ווי עס זענען פאַלש אַלע אַזעלכע שטייפע באַגריפס-געדאַנקען. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר געזען אין דעם סאָציאַליזם אַן אומבאַשטימטע, אַלץ-אומפאַסנדיקע וועלטאָנשויאונג, עפּעס אַ מין שליסל, וועלכער עפנט אויף אַלע טירן און לעזט אַלע פראַגן. איצט ווייסן מיר, אַז אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט דרויסן און אין דער נשמה אינעווייניק, געפינט זיך אין אַזאַ פאַרווירונג, אַז עס קאָן בשום אופן נישט זיין גאָר איין וועג, אויף וועלכן אַלע מוזן גיין צו איין ציל. דאָס,

וואָס איך וויל דאָ אַלזאָ אויספירן, איז נישט קיין אויפפאָדערונג צו דער מענטשלעכער געזעלשאַפט; מיר מוזן איינזען, אַז עס באַשטייען איינע נעבן דער אַנדערער אַ סך שטופן פון דער קולטור. מיר מוזן זיך רואיק אָפּזאָגן פון דעם חלום, וועלכער איז אַפילו נישט שיין, אַז אַלע מוזן דערהויבן ווערן אויף איין איינציקן ניוואָ. קיין שום אויפפאָדערונג נישט; איך וויל נאָר באַשרייבן דעם צושטאַנד פון דער נשמה. ביי וועלכן יחידים וועלן אפשר קאָנען קומען דערצו, צו פירן אַ לעבן פון קאָמוניזם און אַנאַרכיע אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע. איך וויל נאָר זאָגן, אַז די פרייהייט מוז ראשית כל געבוירן און דערצויגן ווערן אין די טיפענישן פון דער מענטשלעכער נשמה, איידער זי וועט קאָנען ווערן אַן אָביעקטיווער פאַקט. אויך דער סאָציאַליזם איז בהדרגהדיק געוואָרן אַן אַלט וואָרט; דאָס וואָרט האָט צוזאַמענגעפאַסט אין זיך אַ סך אינהאַלטן, וועלכע פאַלן זיך איצט פאַנאַנדער אין זעלבשטענדיקע עלעמענטן. אומעטום ווערט געמאַכט אַ סוף צו דער דאָגמאַטיק און עס הערט אויף די יאָגעניש נאָך יענע שלאָג-ווערטער, וועלכע מען האָט אַמאָל אָוועקגעשטעלט ווי אוטאָפּישע גרענעץ-סלופּעס אַרום דעם אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע. אומעטום איז פון די ווערטער געוואָרן ווירקלעכקייט, די פליסנדיקע, אומבאַרעכנבאַרע און שוואַנקענדיקע ווירקלעכקייט. קלאָרקייט איז טאַקע פאַראַן נאָר אין דעם לאַנד פון שיינקייט און פון ווערטער; דאָרטן, ווו עס הויבט זיך אָן דאָס לעבן, הערט אויף צו זיין די סיסטעמאַטיק".

אין די 90-קער יאָרן איז לאַנדויער געווען טעטיק אין אַלע ענינים פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. ער האָט אויפגעטרייסלט די דייטשישע עפנטלעכע מיינונג לטובת די געפּייניקטע געפאַנגענע פון דער שפּאַנישער פעסטונג מאָנזשואיק (דערמיט וואָס ער האָט געוווּנען פאַר דער זאַך די סימפּאַטיעס פון דעם באַרימטן אַלטן ליבעראַלן שריפטשטעלער שפּילהאַגען); ער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און דעם מעכטיקסטן פון זיי, בעבעלן, האָט ער גע-

וואַרפן אין פּנים דאָס דעמאָלט באַרימט-געוואָרענע וואָרט: „איר זאָגט דאָך שקר וכזב, הער בעבעל!“ ער האָט אין זיין ראָמאַן „דער פּרעדיקער פון טויט“ (1893) אַריינגעשטעלט די רעדע, וועלכע עס האָט געהאַלטן פאַר דעם געריכט דער פראַנצויזישער אַנאַרכיסט-טעראָריסט ראַוואַשאָל און האָט פאַר-טיפט דעם אינהאַלט פון זיין צייטשריפט „סאָציאַליסט“ (דער בעסטער נומער איז דערשינען אין אויגוסט 1899 מיט דעם טעמאַ: „געטע, צום 28-טן אויגוסט 1899—1749“). פון אים האָבן זיך געצויגן אַנאַרכיסטישע פעדים צו די דעמאָלטיקע דייטשישע עטישע קרייזן, באַזונדערס צו דעם אַלטן מאָריץ פאָן עגידי, וועלכער האָט געזאָלט ווערן אַ דייטשישער טאָל-סטאָי און איז פריצייטיק אין יאָר 1898 געשטאָרבן. לאַנדויער איז אויך געשטאַנען נאָנט, דורך פערזענלעכע פאַרבינדונגען, צו דער דייטשישער באַוועגונג פון גאָרטנשטעט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1902. אין דער צייט צווישן אָט דער באַוועגונג און דעם טויט פון עגידי האָט ער גענומען אָנטייל אין דעם ליטעראַריש-קינסטלערישן קרייז „די נייע געמיינשאַפט“ (1900), וועלכן עס האָבן געגרינדעט די ברידער האַרט, פּע-טער היללע און אַנדערע סאָציאַל-פילנדיקע יונגע קינסטלער, מיט דעם צוועק צו שאַפן זיך אַ סאָלידאַרישע סביבה, וואָס וועט זיי געבן אומאָפּהענגיקייט און אַ פרייע אַנטוויקלונג פון זייערע כוחות. דערדאָזיקער פּלאַן איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן אויך צוליב דעם, וואָס די פאַרשיידנאַרטיקע טאַלענטן האָבן געשלעפּט אין פאַרשיידענע זייטן. לאַנדויער האָט אין דעמדאָ-זיקן קרייז געהאַלטן זיין פאָרטראַג: „דורך אָפּזונדערונג צו געמיינשאַפט“, אין וועלכן עס איז אין אַ טיפער פאָרם דער-וויזן געוואָרן, אַז אַ זעלבסט-אַנטוויקלונג מוז זיין פריער, איי-דער עס קומט צו אַ פרוכטבערענגענדיקער אָביעקטיווער טעטיקייט.

אין הערבסט 1901 האָט ער צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט, מיט דער דיכטערין העדוויג לאַכמאַן: אַז זי איז אין פעברואַר 1918 געשטאָרבן האָט עס אין אַ גרויסער מאָס צעבראָכן דאָס לעבן פון לאַנדויער. לעבנדיק ביי בערלין האָבן זיי צו-

זאַמען אומאויפהערלעך געאַרבעט, האָבן איבערזעצט אַ ריי וויכטיקע ליטעראַרישע ווערק פון באַלזאַק ביז אָסקאַר ווײַלד. דאָס ערשטע יאָר נאָך דער חתונה האָבן זיי פאַרבראַכט אין ענגלאַנד, אין לאָנדאָן און שפּעטער אין בראָמלעי, ווו עס האָט דעמאָלט געלעבט קראָפּאָטקין און אויך דער שפּאַנישער אַנאַרכיסט טאַררידאַ דעל מאַרמאָל. אין יענער צייט האָבן אויפן קאָנטינענט אויסגעבראָכן גרויסע שטרייקן, באַזונדערס גרויס איז געווען דער מעטאַל־אַרבעטער־ און שפּעטער אַלגעמיינער שטרייק פון די סינדיקאַליסטן אין באַרצעלאָנאַ, וועלכער האָט אַרויסגערופן סימפּאַטיעס אַפילו ביי די געמעסיקטע לאָנדאָנער טרעד־יוניאָניסטן. אָט די דאָזיקע באַוועגונגס־כוואַליעס האָבן שטאַרק אינטערעסירט לאַנדויערן, נישט אַלס אַן אַנאַרכיסט, נאָר אַלס אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט אומעטום געזוכט די טרייבנדיקע כחות פון דער געשיכטע און האָט איצט געזען פאַר זיך די געוואַלטיקע אַנטוויקלונג פון שטרייקן אין שפּאַניע, וועלכע עס האָט אים געמוזט זייער לעבעדיק שילדערן דער אַקטיווער פאַרטרעטער פון די שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן, טאַררידאַ. ער איז געשטאַנען אין גוטע באַציאונגען צו קראָפּאָטקינען און האָט איבערזעצט אייניקע זיינע ווערק, אָבער באמת נאָנט זענען זיי נישט צוגעגאַנגען איינער צו דעם אַנדערן. לאַנדויער האָט געאַכטעט דעם קאָמוניזם פון קראָפּאָטקינען, ער האָט אָבער בשום אופן נישט געהאַלטן, אַז דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם איז די איינציקע עקאָנאָמישע פאָרם פון אַנאַרכיזם. קראָפּאָטקין, ווידער, פלעגט האַלטן, אַז אַזעלכע סקעפּטיקער זענען פאַרשטעלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָדער אין תוך אינדיווידואַליסטן, און פלעגט זיך נישט אַריינטיפן מיט אינטערעס אין זייערע אַרגומענטן. אין אַ בריוו צו טשערקעזאָוון פון הערבסט 1902 שרייבט קראָפּאָטקין, אַז סעבאַסטיאַן פאָר, דאָמעלאָ ניוווענהויס און נעטטלוי בויגן זיך פאַר דער געשעקע ניטשע; היינט וואָס האָט ער שוין געמוזט טראַכטן וועגן לאַנדויערן, וועלכער האָט — להיפּך צו אָט די דריי אַנאַרכיסטן — בכלל נישט אָנערקענט דעם אַנאַרכיסטישן קאָ־

מוניזם? אַזוי אַרום האָט לאַנדויער אויך אין די לאָנדאָנער ענגלישע און דייטשישע קרייזן פון די קאָמוניסטישע אַנאַרכיסטן נישט געפונען פאַר זיך קיין אָנהאַלטס-פונקטן. וואָס איז נוגע טאַררידאַ, האָט ער געהערט גראָד צו יענע, וועלכע האָבן זיך אין סוף פון די 80-קער יאָרן אין באַרצעלאָנאַ אַרויסגעזאָגט פאַר דעם אַנאַרכיזם אָן וועלכער נישט איז עקאָנאָמישער קוואַליפיקאַציע. ווייל מען קאָן דאָך נישט פאָראויסזען און מען דאַרף אויך נישט דאָגמאַטיזירן די צוקונפטיקע אַנטוויקלונג. לאַנדויער האָט אַלזאָ מסתמא גוט געקאָנט זיך צונויפרעדן מיט טאַררידאַ, אָבער קיינער פון זיי ביידן האָט מיר וועגן דערויף גענוי נישט דערציילט, הגם איך אַליין האָב זיי אין הערבסט 1901 באַקאַנט געמאַכט אין בראָמלעי.

זיצנדיק אין הערמסדאָרף ביי בערלין האָט לאַנדויער געמאַכט איבערזעצונגען, אַרויסגעגעבן זיינע נאָוועלן: „די מאַכט און די מאַכטן“ (1903), דעם מיטלאַלטערלעכן דייטשישן מיסטיקער אונטערן נאָמען „מייסטער עקהאַרטס מיסטישע שריפטן“ (1903), אַ ריי אַרטיקלען, האָט אָפּגעהאַלטן ליטעראַרישע קורסן, האָט געדינט ביי אַ פאַרלעגער אין אַ בוכהאַנדלונג, כדי צו פאַרשאַפן זיך אַן אומאָפּהענגיקע פרנסה. גלייכצייטיק האָט ער ביסלעכווייז געשריבן די טיילן פון יענעם ווערק, וועלכעס האָט צוזאַמענגעפאַסט זיינע אידעען און איז דערשינען אין יאָר 1911 אונטער דעם נאָמען „אויפרוף צום סאָציאַליזם“. די צווייטע פאַרגרעסערטע און פאַרבעסערטע אויפלאַגע מיט אַ פאָרוואָרט פון לאַנדויער, געשריבן דעם 3-טן יאַנואַר 1919, איז דערשינען ענדע פעברואַר פון זעלבן יאָר, 8—10 וואָכן פאַר זיין טויט. אַן אַריינפיר צו אָט דעמדאָזיקן ווערק זענען געווען די 30 סאָציאַליסטישע טעזן, וועלכע לאַנדויער האָט אָפּגעדרוקט אין דער בערלינער צייטשריפט „צוקונפט“ דעם 12-טן יאַנואַר 1907.

אין הערבסט 1906 האָט ער פאַרלאָרן זיין פּאָסטן אין דער בוכהאַנדלונג און האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון מאַרטין בובער אָנצושרייבן פאַר זיין סעריע ביכער „די

געזעלשאַפט" אַ קליינעם באַנד וועגן רעוואָלוציע. דידאָזיקע סעריע האָט צוגעצויגן אַלס מיטאַרבעטער די סאַמע אינטעליגענטע אומאָפּהענגיקע יונגע דייטשישע געלערנטע פון פאַרשיידענע ריכטונגען און האָט געזאָלט זיין אַ מין ריקבליק און אויסבליק ביי דעם אָנהויב פון דעם נייעם יאָרהונדערט. צווישן די מיטאַרבעטער איז געווען זאָמבאַרט, וועלכער האָט אָנגעשריבן וועגן „פּראָלעטאַריאַט", דער פילאָזאָף זיממעל — וועגן „רעליגיע", עדוואַרד בערנשטיין וועגן „שטרייק", פריץ מאַאוטנער וועגן „שפּראַך", העלפּאַך וועגן „גייסטיקע עפּידעמיעס", פראַנץ אָפּענהיימער וועגן „שטאַאַט", אויך נאָך אַ סך אַנדערע. פון דידאָזיקע נעמען קאָן מען זען די סביבה, צו וועלכער עס האָט זיך געווענדעט אויך לאַנדויערס בוך: דאָס זענען אַלץ געווען פּראָגרעסיווע, אָפּאָזיציאָנעלע און, יעדער אין זיין געביט, אומאָפּהענגיקע עלעמענטן. לאַנדויער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן דאָס בוך „רעוואָלוציע" אין אַפּריל 1907. אין צוויי חדשים אַרום איז די אַרבעט, נאָך אַ סך ענדערונגען, פאַרענדיקט געוואָרן. ענדע נאָוועמבער איז זי דערשינען. וועגן דעם בוך גופא שרייבט לאַנדויער אין אַ בריף צו פריץ מאַאוטנער (5. VII. 1907) בתשובה אויף יענעמס קריטיק: „דאָס בוך באַשטייט פון אַ מעטאָדאָלאָגישער איינפירונג (פון קאַפּ. I ביז IV) און גייט דאַן אַריבער צו דעם, וואָס איך רוף עס אָן אונזער וועג, צו דעם היסטאָריש-נביאישן טייל, ווי דו רופסט עס אָן. נאָך דעמדאָזיקן טייל איז קיין זאַך מער נישטאָ, אַפילו אַ שלוסוואָרט. להיפך צו דעם פּראָגראַם פון בובערן האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דאָגמאַטישע פּסיכאָלאָגיע; איך גיב נאָר היסטאָרישע פּסיכאָלאָגיע אין צוזאַמענהאַנג מיט די איינצלנע עטאַפּן פון רעוואָלוציע. איך האָב מיט אַ כיון נישט פאַרענדיקט דאָס בוך, ווי מען טוט עס געווינלעך, מיט פּויקן און טרומייטן, נאָר איך האָב געפּרוווט עס צו פאַרענדיקן נישט אָפּגעשלאָסן, מיט אָפענע פראַגן און מיט אַ טאָן פון דימינוענדאָ, ווייל די באַוועגונג, וועלכע איך האָב געוואָלט שילדערן, געפינט זיך ערשט אין דער אַנטוויקלונג".

אין די שריפטן פון לאַנדויער בכלל זענען דאָ א סך געדאַנקען, הינטער וועלכע עס שטייען גרויסע קענטע־נישן און דערפאַרונגען, צוזאַמענגעפרעסט אויף אַ קליינעם פלאַץ און אויסגעדריקט אין שאַרפע פאָרמולירונגען. באַזונדערס איז דערדאָזיקער כאַראַקטער בולט אָט אין דעם בוך „רעוואָ־לוציע", וועלכעס מאַרשירט־דורך אין אַן איילִיקן טעמפּאָ דורך דער געשיכטע פון אַלע צייטן. עס איז דאָ נאָר אַ קליינע צאָל באַרימטע ווערק, וועלכע מען קאָן פאַרגלייכן מיט דעם־דאָזיקן בוך; אזוי איז עס דאָס צווייבענדיקע ווערק פון דזשוזעפּע פעראַרו: „פילאָזאָפיע פון דער רעוואָלו־ציע" (לאָנדאָן 1851), וועלכעס לאַנדויער האָט מסתמא נישט געקענט; דאָס בוך פון ג. קאָלב: „קולטור־געשיכטע פון דער מענטשהייט" (1823), וועלכעס איז שוין פיל געווען באַ־נוצט דורך באַקונינען; דאָס בוך פון עליזע רעקליו: „עוואָלוציע, רעוואָלוציע און דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל" (פּאַריז 1897); קראָפּאָטקינס „די קעגנזייטיקע הילף" און „דער שטאַאַט און זיין היסטאָרישע ראָלע" (1896), וואָס לאַנדויער האָט זיי איבערזעצט אין דייטש. אָט דידאָזיקע אַרבעט „רעוואָלוציע" פון לאַנדויערן איז פול מיט אָנרעגנדיקע אידעען; מיר וועלן ברענגען פון איר דאָ נאָר אייניקע באַ־זונדער־טיפע געדאַנקען:

„...אַנטשליסט זיך נישט צו זיין מער קיין שקלאַפן, און איר וועט זיין פריי. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט פאַרטרייבן דעם טיראַן אָדער אַראָפּוואַרפן אים פון טראָן. הערט נאָר אויף אים צו שטיצן און איר וועט זען, ווי ער וועט, ווי אַ ריזי־קער קאָלאָס, ביי וועלכן מען ציט אַרויס דעם פונדאַמענט, צעבראָכן און צעשטערט ווערן דורך זיין אייגענער לאַסט" (עטיען דע לאַ באָעטי)".

„... אָט דער עסיי פּראָקלאַמירט דאָס, וואָס עס וועלן שפּעטער זאָגן גאָדווין און שטירנער און פּרודאָן און באַקונין און טאָלסטאָי: אין אייך גופא זיצט עס, עס איז נישט מחוץ פון אייך; איר אַליין זענט עס; די מענטשן זאָלן נישט זיין

געבונדן דורך הערשאפט, נאָר זיין פאַרבונדן ווי ברידער. אָן שום הערשאפט, אַן-אַרכיע".

"... פון דיביידע ריכטונגען... האָט די צווייטע ריכטונג, וועלכע האָט זיך אָנגערופן סאָציאַליסטיש, דערקלערט: זינט דעם מאָמענט, וואָס מען האָט אַנטדעקט די געזעלשאפט, זאָס פרייע און פרייוויליקע צוזאַמענווירקן פון די כחות פון לעבן, האָט דער שטאַאט נאָר איין-איינציקע אויפגאַבע: ער דאַרף נעמלעך צוגרייטן מאָסנאַמען, כדי זיך אליין אויפצו-לייזן און כדי צו שאפן פרייען פלאַץ פאַר דעם אומענד-לעכן אויסבוי פון בונדן, אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאפטן, וועלכע ווילן פאַרנעמען דאָס אָרט פון שטאַאט און פון דעם פלאַן- און גייסטלאָזן אינדיווידואַליזם אין דער ווירטשאפט, פראָדוקציע און צירקולאַציע".

"עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט פאַרשטיין קלאָרער ווי היינט-צו-טאָג דאָס, וואָס דער גרעסטער פון אַלע סאָציאַליסטן, פרודאָן, האָט דערקלערט: אַז די סאָציאַלע רע-וואָלוציע האָט קיין שום ענלעכקייט נישט מיט דער פאָליטי-שער; אַז געוויס קאָן זי נישט ווערן און בלייבן לעבעדיק אָן אַ פאָליטישער רעוואָלוציע, אַז אָבער אין תוך איז זי אַ פרידלעכער אויפבוי, אַן אָרגאַניזירן פון און צו אַ נייעם גייסט און נישט עפּעס אַנדערש".

"אונזער וועג דאַרף פירן דערצו, אַז אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן אָנערקענט די אוממעגלעכקייט אַזוי ווייטער צו לעבן, זאָלן זיך פאַראייניקן אין בונדן און זאָלן שטעלן זייער אַרבעט אין דינסט פון זייער פאַרבראויך. זיי זאָלן דאָס טאָן אין קאָלאָניעס, אין גענאָסנשאפטן, אונטער שווערע באַדינגונגען. זיי וועלן זיך באַלד אָנשטויסן אָן די גרענעצן, וועלכע דער שטאַאט שטעלט אַוועק פאַר זיי: זיי וועט פעלן ערד. אָט דאָס איז דער פונקט, ביי וועלכן די רעוואָלוציע, פון וועלכער מיר האָבן ביז איצט גערעדט, וועט אַריבערגיין אין אַן אַנדער אַרט רעוואָלוציע, פון וועלכער עס לאָזט זיך איצט גאָרנישט זאָגן, ווייל זי איז נאָך ווייט. אויך וועגן דער

סאָציאַלער רעגענעראַציע, אויף וועלכער איך האָב דאָ נאָר אָנגעטייט, קאָן מען דאָ נישט פיל זאָגן; די התחלות און די טענדענצן, וועלכע זענען שוין פאַראַן, שאַצט יעדער אָפּ לויט די האָפענונגען, וועלכע ער לייגט אויף דער צוקונפט. אָבער איך וועל אין אַן אַנדער אַרבעט ווידער אויפנעמען דעם פאָדים און באַטראַכטן סיסטעמאַטיש דעם צוקונפטיקן סאָציאַליזם".

אין די כמעט 12 יאָר, וועלכע ער האָט געלעבט זינט יענער צייט, האָט לאַנדויער טאַקע באַהאַנדלט דאָסדאָזיקע הויפּט-פּראָבלעם אין אַלע שריפטן פון דעם סאָציאַליסטישן בונד, וועלכן ער האָט געגרינדעט (פון 1908 אָן), אין אומצייליקע אַרטיקלען אויף די 1148 זייטן פון דער צייטשריפט „סאָציאַליסט", וועלכע ער האָט ווידער אַרויסגעגעבן 1909—1915, אין אָן אַ צאָל בריוו, — און דורך זיין רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט אין דעם האַלבן יאָר 1918—1919, בעת דער דייטשישער רעוואָלוציע, ביז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין מינכען דעם 2-טן מאַי 1919 דורך די סאָלדאַטן פון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער רעגירונג.

דאָס בוך „רעוואָלוציע" אַנטהאַלט אין זיך נאָך אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך. דער לייענער וועט באַמערקן, מיט וואָס פאַר אַ ליבע לאַנדויער באַהאַנדלט דאָ עטיען דע לאַ באָעטי און ווי זייער אינטערעסאַנט ער שילדערט די אַזויגערופענע מאָנאַרכאָמאַכן (ד. ה. באַקעמפער פון די מאָנאַרכן). דידאָזיקע טעמע איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען אומבאַקאַנט; אין יאָר 1895 איז דערשינען אַ דיסערטאַציע פון ר. טרוימאַן אין היידעלבערג: „די מאָנאַרכאָמאַכן, אַ שילדערונג פון רעוואָלוציאָנערע שטאַאַטס-לערעס פון XVI-טן יאָרהונדערט"; אין יאָר 1894 האָט דער מיטגליד פון דער מינכענער וויסנשאַפטס-אַקאַדעמיע מ. לאָססען געהאַלטן אַ פאָרטראַג: „די לערע וועגן דעם מאָרד פון טיראַנען אין דער קריסטלעכער צייט". און אויך לאַ באָעטי איז זייער אַ סך געלייענט און געדרוקט געווען אין פראַנקרייך (שפּעטער האָט אים לאַנדויער געקירצט

איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט אין זיין „סאָציאַליסט" אין די נומערן פון סעפּטעמבער 1910 — יאַנואַר 1911 אונטערן נאָמען: „מכה דער פּריוואַליקער קנעכטשאַפט"). געוויס, די היסטאָרישע אונטערזוכונג פון רעוואָלוציעס האָט געפאָדערט, אַז לאַנדויער זאָל דידאַקטיק טעמעס באַהאַנדלען. אָבער ער האָט דערביי געהאַט נאָך אַ באַזונדערן מיין.

אין זיין הזכרה־רעדע וועגן לאַנדויערן אין בערלין האָט דער דייטשישער שריפטשטעלער יוליוס באַב געמאַכט פאָלגנדיקע ריכטיקע דערקלערונג: „אין זיין סאַמע טיפסטן תוך איז גוסטאַוו לאַנדויער תמיד געווען נאָר איינס: „ד ע ר ס אָ צ י אַ ל ע ר ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר", דאָס הייסט, ער האָט זיך באמת, ווי און ווי ער האָט נאָר געקאָנט, צו אַנטוויקלען די רעוואָלוציע, נישט ווייל ער האָט געמיינט, אַז פון איר וועט אַרויסקומען דער אַנאַרכיזם, נאָר ווייל אַ דאַנק דעם וועט מען קאָנען באַזייטיקן הינדערנישן אויף דעם וועג פון דער אַנטוויקלונג. אַלס אַזאַ מין הינדערניש אויף דעם וועג פון דער עלעמענטאַרסטער אַנטוויקלונג פון דייטשלאַנד האָט יעדער דענקנדיקער מענטש אין דייטשלאַנד באַטראַכט דעם קייזער ווילהעלם II, פון דעם מאָמענט אָן, וואָס ער האָט אין 1888 אָנגעהויבן צו רעגירן. דאָס איז געווען אַן אומגליק, קעגן וועלכן אָבער עס האָבן נישט רעבעלירט נישט די מיליאָנען פּראָלעטאַריער, וועלכע פלעגן באַקומען אַלס סאָלדאַטן געווער אין די הענט, נישט די מיליאָנען אַנדערע שטאַאַטסבירגער. אַזוי אַרום האָבן זיך אַלע אין דייטשלאַנד געפילט פונקט אַזוי מאַכטלאָז, ווי די מענטשן אין אַן אַנדער לאַנד קעגן דעם צאַריזם, און היינט־צו־טאָג — קעגן באָלשעוויזם אָדער פאַשיזם. אפשר זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון פון פּאַרשיידענער אַרט. אָבער קעגן זיי איז שטענדיק געשטאַנען אַן אומבאַזיגבאַרע אויבער־מאַכט. אַזוי איז, למשל, אין דער דעמאָקראַטישער צייטשריפט „געזעלשאַפט" דערשינען אין יאָר 1894 אַ שטודיע פון ד״ר קווידדע וועגן דעם רוימישן צעזאַר קאַליגולאַ. דאָס איז געווען אַן אַנאַליז פון דער צעזאַריסטי־

שער משוגעת פון קאַליגולאַ, וואָס האָט מיט יעדן שטריך
ליצנותדיק דערמאָנט דעם באַקאַנטן מהות פון ווילהעלם II.
דערדאָזיקער אַרטיקל איז אומגעהייער שטאַרק פאַרשפּרייט גע-
וואָרן אין דער פאָרם פון אַ בראָשור, אָבער דער פּראָקוראָר האָט
נישט געקאָנט פאַרקלאָגן דעם אויטאָר, ווייל ער וואָלט דערמיט
געמוזט צוגעבן, אַז ווילהעלם II באַזיצט אָט טאַקע די שיינע
מדות און כאַראַקטער-שטריכן פון דעם רוצח קאַליגולאַ.

לאַנדויער האָט געהאַט אַ נייגונג צו אַזעלכע אַקציעס,
ווי ס'איז באַקאַנט פון זיין לעבן און ווי עס באַווייזט באַזונ-
דער זיינער אַ בריף פון דעם יאָר 1906, אין וועלכן ער
פאַרעפנטלעכט אין אַ פאָרזיכטיקער פאָרם די ידיעה, אַז פאַר-
טרעטער פון די קאָנסערוואַטיווע בירגערלעכע פּאַרטייען זענען
זיך מישב וועגן פאָרשלאָגן ווילהעלם II, ער זאָל אָפּדאַנקען פון
טראָן. אַלס אַן ענלעכן שריט קאָן מען באַטראַכטן אויך זיין
געניויע שילדערונג פון די אידעען פון לאַ באָעטי און פון
די מאָנאַרכאָמאַכן, ווי דאָס באַווייזן אויך די בריוו, וועלכע
ער האָט געוועקסלט וועגן דעם מיט פריץ מאַאוטנערן. מאַאוט-
נער גופא האָט צוגעגעבן אָט דער אידעע אַ נייע פאָרם דורך
דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַ מאַנוסקריפּט „דער שוטה"
און צוגעשיקט אים צו לאַנדויערן. דעם 14-טן מערץ 1908
האָט עס לאַנדויער אויספירלעך באַהאַנדלט און געגעבן דעם
אויטאָר עצות פון שטאַנדפּונקט פון פּראַקטישער פאָרזיכטיקייט.
„אין דעם כתב יד איז געווען אָנגעצייכנט אַ פּלאַן, ווי מען
זאָל אָפּנעמען דעם טראָן און דערקלערן פאַר פּאָליטיש אומ-
פעאיק דעם מאָנאַרך — ד. ה. ווילהעלם II — צוליב די
אומפאַרבעסערלעכע שעדלעכע אייגנשאַפטן פון זיין כאַראַקטער
און פאַרשטאַנד". אָט דאָס וואָלט געקאָנט געשען, לויט מאַ-
אוטנערן, פונקט אַזוי ווי מען האָט דאָס פריער געטאָן בנוגע
דעם גייסטיק-קראַנקן קעניג פרידריך ווילהעלם IV פון פּרייסן
און דעם קעניג לודוויג II פון בייערן (1886); לויט לאַנ-
דויערן האָט דער קאַמף קעגן דעם מאָנאַרך געזאָלט געשען
דורך דעם איבערפרייס פון דער פרייוויליקער

ש ק ל אַ פ ע ר יי, דורך אַן אַלגעמיינעם אָפּזאָג פון יעטוועדער הכנעה. אפשר האָבן געשוועבט פאַר לאַנדויערן די מעטאָדן פון דער אָקטאָבער-באַוועגונג אין רוסלאַנד פון 1905, אפשר זענען געשטאַנען פאַר זיינע אויגן די גרויסע שטרייקן פון 1902, און אפשר האָט ער גאָר געטראַכט דערביי וועגן דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אין יאָר 1896, בעת וועלכן די אַנאַרכיסטן האָבן זיך צונויפגעקליבן באַזונדער און לאַנדויער האָט געהערט, ווי דער רוסישער נאַראָדניק ני-קאָלאַי טשאַיקאָווסקי האָט אַריינגעטראָגן דעם פאָרשלאַג: צו-גלייך מיט דעם עקאָנאָמישן שטרייק פירן אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע אויך פאַר דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק, פאַר אַ באָיקאָט פון אַלע מלוכהשע אינסטיטוציעס. אָט די אַלע איינדרוקן און זיין אייגענער ווונש אַרויסצורופן קאָ-לעקטיווע אַקציעס קעגן דעם שונא אין לאַנד, האָבן באַוויגן לאַנדויערן אַריינצוטראָגן אין זיין בוך וועגן רעוואָלוציע דעם הויפּט-געדאַנק: פון די מענטשן גופא הענגט עס אָפּ אָפּצושאַפן זייער פרייוויליקע שקלאַפעריי, זאָלן זיי אַליין נאָר וועלן זיין פריי. לאַנדויער איז אויך געווען דער-יעניקער, וועלכער האָט אין 1911 געפאָדערט, אַז מען זאָל צוגרייטן דעם מלחמה-שטרייק אין אַלע הויפּט-אינדוסטריעס; מער נישט — אַלע אַר-בעטער-קרייזן האָבן דעמאָלט נישט געוואָלט אַפילו הערן וועגן אַזאַ פאָרשלאַג. פונקט אַזוי האָט ער אַרויסגעבראַכט פון זיך אָן אַ סוף אָנרעגונגען, אימפּולסן און אַקציעס אין דעם רע-וואָלוציאָנערן האַלב-יאָר 1918—1919.

אַזוי אַרום האָט „די רעוואָלוציע" געזאָלט זיין אויך אַן אַקטועלער רעוואָלוציאָנערער פּאַמפלעט, וואָס האָט אָבער בשום אופן נישט געשטערט די זייער ערנסטע און זאַכלעכע באַאַרבעטונג פון דער טעמע. עס איז אַ גוטע אידעע צו אי-בערזעצן די דאָזיקע שריפט און צו מאַכן זי צוגענגלעך פאַר לייענער פון אַ נייעם שפּראַך-געביט. איך פריי זיך ביי דער-דאָזיקער געלעגנהייט, וואָס איך קאָן דאָ אָפּפרישן מיינע אַלטע דערינערונגען וועגן גוסטאַוו לאַנדויערן, וועלכן איך זע איצט פאַר מיינע אויגן סיי ווי אין דעצעמבער 1892 אין ציריך, סיי ווי אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן ביזן 1913.

ווין, 17 דעצעמבער 1931.

מאַקס נעטלוי

אָט דאָ זעסטו טאַקע דעם דערנער־וועג... דו רופסט אים אַן אונטערגאַנג, ווייל דו שאַצט אים אָפּ לויט דעם וועג פון די־יעניקע, וועלכע זענען שוין אויף אים געגאַנגען. איך אָבער רוף אים אַן גאולה, ווייל איך שאַץ אים אָפּ לויט די דערגרייכונגען פון די־יעניקע, וועלכע עס וועלן נאָך קומען.

**מאַקסימוס טיריוס.**

## I. געשיכטע — כח פון פראקטישן לעבן.

סאָציאָלאָגיע איז נישט קיין וויסנ־שאַפט; ווען זי וואָלט דאָס אפילו געווען, וואָלט די רע־וואָלוציע, צוליב באַזונדערע טעמים, נישט געקאָנט באַהאַנדלט ווערן וויסנשאַפטלעך.

עקזאַקטע וויסנשאַפט ווערט געשאַפן אויף אַזאַ אופן: דער קאָמבינירטער חושים־פאַרשטאַנד פון מענטשן נעמט אויף דערפאַרונגען, וועלכע ער פאַרוואַנדלט אין קאָנסטרוקציעס פון דעם זיין. דער זכרון און די שפּראַך קומען דאָ צו הילף און אַרבעטן ווייטער אין דערזעלביקער ריכטונג: עס ווערט אויפגעבויט אַ נייער עטאַזש פון קאָנסטרוקציעס פון זיין. אַזוי אַרום באַקומען מיר פעסטע, איזאָלירטע קעגנשטאַנדן, וועלכע זענען פון איין זייט טרעגער פון אַלץ, וואָס געשיט, וואָס ווירקט און פאַרענדערט זיך, און פון דער אַנדער זייט באַ־גריפן, אַבסטראַקציעס א. א. וו. דערפאַר איז די אויפגאַבע פון דער עקזאַקטער וויסנשאַפט פאָלגנדיקע: דאָסדאָזיקע זיין, וועלכע מיר אַליין האָבן געשאַפן צוליב אונזערע חושים און צוליב אונזער פאַרשטענדעניש, צוריק צו פאַרוואַנדלען אין אַ ווערן. די באַגריפן ווערן דעמאָלט צעבראָכן און פליסנדיק, די קעגנשטאַנדן פאַלן זיך פאַנאַנדער, ווי שטויב, אונטער דעם דרוק פון דעם פאַרגלייכן און קאָמבינירן. און זע נאָר, אַלץ ווערט מיטאַמאָל גאָר אַנדערש, ווי דאָס וואָלטן פאַרכשופט דאָס מענטשלעכע וואָרט און אויג. עקזאַקטע וויסנ־שאַפט באַטייט אַלזאָ: זאַמלונג און באַשרייבונג פון אַלץ, וואָס די חושים שטעלן־צו, פעריאָדיש־אויפקומענדיקע קריטיק פון די פאַראַלגעמיינערנדיקע באַגריפן — און אויף דעם יסוד: אַן אומפּאַסנדיקע קריטיק פון אונזער כלומרשדיקער

װעלט פֿון זײַן און דער אױסבױ פֿון אַ װעלט פֿון װערן, װעלכע זאָל זיך געפֿינען אין הסכּם מיט אונזער אינערלעכער דערפֿאַרונג.

אַנדערש איז דאָס אױף דעם געביט, װעלכן איך רוף אָן געשיכטע אין ברײטסטן זין פֿון דעם װאָרט. דאָ זענען נעמלעך נישטאָ אַלס עלעמענטאַרע יסודות קײן שום סובסטאַנצן, שטאָפֿן אָדער קעגנשטאַנדן; דאָ רעדט זיך לחלוטין נישט װעגן די פּרעגער פֿון געשיכטע, ד. ה. װעגן די מענטשלעכע קערפּערס; העכסטנס קומען זײ אין באַטראַכט נאָר דעמאָלט, װען מען באַהאַנדלט זײ שלעכט אָדער מען נעמט זײ אַראָפּ די קעפּ; בכּלל אָבער איז דער מאַטעריאַל פֿון דער געשיכטע — געשעענישן, האַנדלונגען, לײדן, באַציאונגען. אָט דאָס אַלזאָ, װאָס איז בײַ דער עקזאַקטער װיסנשאַפֿט דער לעצטער שװער-אױסגעקעמפּטער רעזולטאַט — דאָס װערן — איז דאָ דער סאַמע ערשטער אױסגאַנגס-פּונקט. אמת, כּדי צו קאָנען רעדן פֿון דעמדאָזיקן װערן מוזן מיר טאָן דאָסזעלביקע, װאָס די חושים און דער גײַסט פֿון דעם מענטש טוען לגבי די נאַטור-דערשײנונגען: מיר מוזן אױך בױען קאָנסטרוקציעס פֿון זײַן. אַזױ אַרום רעדן מיר װעגן דעם מיטלאַלטער אָדער װעגן דער נײַער צײַט, װעגן שטאַט און געזעלשאַפֿט, װעגן דעם דײַטשישן אָדער װעגן דעם פֿראַנצױזישן פֿאָלק אַזױ, װי זײ װאָלטן עפּעס געװען באַשטימטע קעגנשטאַנדן אָדער סובסטאַנצן. אָבער יעטװעדע גענױערע באַשרײַבונג אָדער פֿאַרטיפֿונג פֿירט אונדז שטענדיק פֿון אָט די אַלע קאָנסטרוקציעס צוריק צו דער װירקלעכקײט, צו דער עלעמענטאַרער װירקלעכקײט פֿון אונזער פּרימיטיװער דערפֿאַרונג, אין װעלכער מיר גופֿא שטעקן: צו דעם, װאָס עס *געשעט* צװישן מענטשן, פֿון יחיד צו יחיד, פֿון מער אָדער װײניקער גרױסע מענטשן-גרופּן אײנער פֿאַר דער אַנדערער אָדער קעגן דער אַנדערער א. א. װ. מיט אײן װאָרט: די עקזאַקטע װיסנשאַפֿט זאָרגט אַלײן פֿאַר דער אױסבעסערונג פֿון דער דערפֿאַרונג; זי פֿירט אונדז פֿון דער דערפֿאַרונג צו די אַבסטראַקציעס פֿון

דעם גייסט. פֿאַרקערט, די אַזויגערופֿענע געשיכטס-וויסנשאַפֿט, וואָס טיפֿער און ראַפֿינירטער זי ווערט, קאָן אונז נאָר תּמיד פֿירן צוריק, צו די ערשטע פֿאַקטן פֿון דער דערפֿאַרונג. און די לעצטע פֿאָרם פֿון דער געשיכטס-וויסנשאַפֿט, די סאָציאַל-פּסיכאָלאָגיע, איז לעת עתּה דער ראַפֿינירטסטער אופֿן, ווי אַזוי אויפֿצולייזן די קאָנסטרוקציעס פֿון זכּרון אין דעם רוי-שטאָף פֿון דער דערפֿאַרונג, ד. ה. אין די עלעמענטאַרע באַציאונגען פֿון מענטש צו מענטש.

און ווייל די געשיכטע שאַפֿט אַלזאָ נישט קיין טעאָרעמעס פֿון גייסט, איז זי דעריבער נישט קיין וויסנשאַפֿט; זי שאַפֿט אָבער עפּעס אַנדערעס: געמעלען, די כּחות פֿון פּראַקטישן לעבן. די קאָנסטרוקציעס פֿון דער געשיכטע: קירך, שטאַאַט, קלאַסן, פֿאָלק א. א. וו. זענען נישט נאָר אינסטרומענטן פֿון דער לאָגישער דערקענטעניש, נאָר קודם כּל שאַפֿן זיי נייע פֿאַקטאָרן, געמיינשאַפֿטן און אָרגאַניזמען פֿון אַ העכערן גראַד. דער שעפֿערישער גייסט שאַפֿט נישט אין דער געשיכטע קיין טעאָרעטישע דערקענטענישן; דערפֿאַר איז דאָס אויך גאַנץ ריכטיק און ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די באַגריפֿן „געשיכטע“ און „פּאָליטיק“ דריקן אויס סיי געשעען און טאָן, ד. ה. אַקטיוויטעט, סיי דאָס טעאָרעטישע באַטראַכטן און פֿאָרשן, וואָס איז פּאַסיוו אָדער נייטראַל, איז אָבער צומייסט נאָר אַ פֿאַרבאַהאַלטן האַנדלען אָדער ווערן. מיר האָבן אין דער דייטשישער שפּראַך אַ פּאַסנדיק וואָרט פֿאַר דערדאָזיקער קאָנצענטראַציע און באַטראַכטונג: „פֿאַרגעגנווערטיגונג“. פּאַקטיש ווערט אין יעדער געשיכטע די פֿאַרגאַנגענהייט פֿאַרקעגנוואַרטיקט, זי ווערט פֿאַרוואַנדלט אין קעגנוואַרט. די ענגלענדער האָבן דערצו אויך אַ געלונגן וואָרט: to realise, וואָס באַטייט גלייכצייטיק פֿאַרווירקלעכן און באַטראַכטן; אין דעמדאָזיקן באַגריף איז פֿאַראייניקט פֿאָרשטעלונג און ווילן, דערקענטעניש און שעפֿערישע קראַפֿט. יעטוועדער בליק אין דער פֿאַרגאַנגענהייט אָדער קעגנוואַרט פֿון מענטשלעכע גרופּירונגען איז שטענדיק אַן אַרבעטן און אַ בויען אין דער צוקונפֿט אַריין.

און פונקט אַזוי איז אויך די קעגנזעצלעכע ריכטונג — וועלכע
לייזט-אויף די לאָגישע קאָנסטרוקציעס פון דער געשיכטע ווי-
דער אין פסיכאָלאָגישע עלעמענטן און דערמיט אויך אין
אינדיווידואַליזם — קריטיש, רעוואָלוציאָנער און צעשטערנדיק
נישט בלויז אין טעאָרעטישער הינזיכט, נאָר זי ברענגט אַריין
צעשטערונג אויך אין דער רעאַלער געשיכטע. אַזוי אַרום זענען
מיר, אַ דאַנק אָט די ערשטע, איינפירנדיקע געדאַנקען, מיט
איין מאָל שוין אין סאַמע מיטן פון אונזער טעמע. די אויפ-
גאַבע איז: די דערשיינונג פון רעוואָלוציע צו באַטראַכטן פון
שטאַנדפונקט פון דער סאָציאַלער פסיכאָלאָגיע. און דאַ שטעלט
זיך אַרויס, אַז די סאָציאַל-פסיכאָלאָגיע גופא איז נישט עפּעס
אַנדערעס, ווי רעוואָלוציע. רעוואָלוציע און סאָציאַל-פסיכאָלאָ-
גיע זענען פאַרשיידענע באַצייכענונגען, און דערפאַר אויך פאַר-
שיידענע שאַטירונגען פון איינער און דערזעלביקער זאַך. אויפ-
לייזונג און פאַרניכטונג פון אַלטע סאָציאַלע פאָרמען, פון
אַלטע פאַרהייליקטע פאָרמאַציעס דורך דעם אינדיווידואַליזם, —
דאָס איז סאָציאַל-פסיכאָלאָגיע, דאָס איז רעוואָלוציע. די הינ-
ריכטונג פון קאַרל I און דער שטורעם אויף דער באַסטיליע
איז געווען פראַקטישע סאָציאַל-פסיכאָלאָגיע; און יעטוועדע
אונטערזוכונג און אַנאַליז פון די פאַרהייליקטע און איבער-
אינדיווידועלע פאָרמאַציעס איז רעוואָלוציאָנער. די צוויי ריכ-
טונגען פון דער געשיכטס-וויסנשאַפט אנטפּלעקן זיך אַלזאָ פאַר
אונז ווי צוויי טענדענצן פון דער געשיכטלעכער פּראַקטיק:
אויף איין זייט — אויפבוי פון אינדיווידועלע פאָרמאַציעס און
העכערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גיבן-צו דעם לעבן פון די
יחידים אַ זינען און אַ קדושה; אויף דער אַנדער זייט —
צעשטערונג און פאַרניכטונג פון דידאָזיקע פאָרמען, ווען זיי
זענען געוואָרן אומדערטרעגלעך פאַר דער פרייהייט און דעם
ווילשטאַנד פון יחידים. רוסאָ, וואָלטער, שטירנער זענען
געווען רעוואָלוציאָנערן, ווייל זיי זענען געווען סאָציאַל-פסיכאָ-
לאָגן. אַזוי אַרום האָט שוין די ערשטע שאַרפסטע באַרירונג
פון דער טעמע אונז אַריינגעפירט אין איר תוך און אַרויסגע-

פירט פון אירע גרענעצן חייטער: די אויפגאַבע פון דערדאָזיקער אונטערזוכונג איז נישט צו מאַכן רעוואָלוציע, נאָר שרייבן וועגן איר.

## II. טאַפּיעס, אוטאָפּיעס, רעוואָלוציעס

לאָמיר טאַקע אָנהויבן פון סאַמע אָנפאַנג אָן. מיר האָבן שוין פריער צוגעזאָגט צו באַווייזן, אַז ווען אפילו געשיכטע אָדער סאָציאָלאָגיע וואָלט געקאָנט זיין ריינע חיסנשאַפט, וואָלט מען דאָך צוליב באַשטימטע סיבות נישט געקאָנט באַהאַנדלען ויסנשאַפטלעך דאָס פּראָבלעם פון רעוואָלוציע. כדי דאָס צו באַווייזן, לאָמיר אַלזאָ צום צווייטן מאָל אַריינטראַכטן זיך אין דעם ענין.

וויל מען באַווייזן, אַז מען קאָן נישט באַהאַנדלען א געוויסע פראַגע אין א באַשטימטער פאָרם, דעמאָלט איז עס בעסער פון אַלץ צו מאַכן ערלעך און אויפריכטיק א פרווו, און אַזוי לאַנג פירן אים ווייטער, ביז עס גייט שוין נישט מער. דערפאַר וועל איך איצט אָנהויבן צו רעדן מכח רעוואָלוציע שטרענג ויסנשאַפטלעך און דעדוקטיוו, — און דעם לייענער בעט איך שאַרף נאָכצופאָלגן מיינע טריט און אויפצופאַסן, צי אַלץ גייט כשורה. ווייל איך דערקלער דאָך לכתחילה, אַז איך בין איבערצייגט אין דער אויסזיכטסלאָזיקייט פון דעמדאָזיקן פרווו. דערביי האָף איך, אַז מען וועט מיך באַפרייען פון דער נויטווענדיקייט צו באַווייזן, אַז ס'קאָן נאָר געבן א דעדוקטיווע און לחלוטין נישט אַן אינדוקטיווע וויסנשאַפט; הגם מען מוז מודה זיין, אַז די גרעסטע צאָל כלומרשט וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, און נישט נאָר פון אונזערע צייטן, בילדן אַן אומדערלאָזבאַר געמיש פון מאַטעריאַלן און סענטימענטן. אַלזאָ, איך שטעל פעסט אָן וועלכע נישט איז ווייטערע באַווייזן: עכטע וויסנשאַפט איז דעדוקטיוו, ווייל זי איז אינטואיטיוו; אינדוקציע און קאָלעקטיווע התמדה פון אַזעלכע וויסנשאַפטלער, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין טאַלענט צום צו-

זאַמענפאַסן און װעלכע קאָנען דעריבער נישט מער װי צוזאַמענצײלן, זענען קײנמאָל נישט ביכולת צו פאַרבײטן די צוזאַמענפאַסנדיקע אינטויִציע. דערפאַר טאַקע מוז אַ װיסנשאַפטלעכע באַהאַנדלונג פון דעם פּראָבלעם רעװאָלוציע אַרױסגײן אָט פון דעמדאָזיקן אַלגעמײנעם באַגריף, בלײַבן אין אים און דורך אים באַגרײַפן אַלע קאָנקרעטע אײנצלפאַלן.

ראשית כּל מוז געשאַפן װערן אַ װיסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע. װײַל אַלע אונזערע אױסדרוקן שטאַמען פון דער פּראַקטיק פון די אײנצלדערשײנונגען און קאָנען נישט באַנוצט װערן װיסנשאַפטלעך אין אַזאַ פאָרם. אױף װעלכן געביט טרעט אַרױס די דערשײנונג פון אַ רעװאָלוציע?

די רעװאָלוציע באַציט זיך אױף דעם ג אַ נ צ ן צוזאַמענלעבן פון מענטשן. אַלזאָ נישט בלױז אױף דעם שטאַאַט, דער שטענדיקער אָרדענונג, די רעליגיעזע אינסטיטוציעס, דעם עקאָנאָמישן לעבן, די גײַסטיקע שטרעמונגען, דער קונסט, דער בילדונג און דערציִאונג, — די רעװאָלוציע באַציט זיך אױף אַ סכום פון אַלע דאָזיקע דערשײנונגען פון מענטשלעכן לעבן, אױף אַ סכום, װעלכער געפינט זיך אין אַ באַשטימטער רויִקער צײַט אין אַ צושטאַנד פון אַ געװיסער אױטאָריטאַטיװער סטאַביליקײט. אָט דעם אַלגעמײנעם אומפאַסנדיקן סכום פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן אין אַ צושטאַנד פון רעלאַטיװער סטאַביליקײט באַצײכענען מיר מיט דעם באַגריף: די ט אָ פּ י ע. די טאָפּיע שאַפט עס יעטװעדן װוילשטאַנד, יעטװעדע זאַטקײט אָדער הונגער, אַ הײם פאַר מענטשן און הײמלאָזיקײט. די טאָפּיע טראָגט אַרײַן אַ סדר אין אַלע אָנגעלעגנהײטן פון מענטשלעכן לעבן; זי פירט מלחמות; עקספּאָרטירט און אימפּאָרטירט סחורות; עפנט אױף אָדער פאַרמאַכט גרענעצן. די טאָפּיע בילדעט אױס דעם גײַסט און די טפשות, זי געװױנט-צו צו אָנשטענדיקײט און זינדיקײט, שאַפט גליק און אומגליק, צופרידנקײט און אומצופרידנקײט; די טאָפּיע כאַפּט זיך אַרײַן מיט אַ שטאַרקער האַנט אױך אין אַזעלכע געביטן, װעלכע געהערן נישט צו איר: אין דעם פּריװאַט-לעבן פון

יחיד און אין דער פאַמיליע. די גרענעצן צווישן דעם אינדיווידועלן און פאַמיליען-לעבן, פון איין זייט, און דער טאָפּיע, פון דער אַנדער זייט, זענען שוואַנקנדיקע. די רעלאַטיווע סטאַבילקייט פון דער טאָפּיע פאַרענדערט זיך בהדרגהדיק, ביז עס ווערט דערגרייכט דער פונקט פון דעם אומזיכערן גלייכגעוויכט.

אָט דיזאָזיקע שינויים אין דער סטאַבילקייט פון דער טאָפּיע ווערן געבאָרן דורך דער *אוטאָפּיע*. די אוטאָפּיע געהער שוין פון אָנהויב אָן נישט צו דעם שטח פון דעם צוזאַמענלעבן, נאָר דוקא צום אינדיווידועלן לעבן. אונטער אוטאָפּיע פאַרשטייען מיר אַ סכום פון אינדיווידועלע שטרעבונגען און ווילנס-טענדענצן, וועלכע אַנטוויקלען זיך שטענדיק איינצל און אומאָפּהענגיק איינער פון דעם אַנדערן, וועלכע פאַראייניקן און אָרגאַניזירן זיך אָבער אין אַ מאָמענט פון אַ קריזיס אַ דאַנק דער באַגייסטערונג צו אַ געמיינשאַפט און צו אַ נייער פאָרם פון צוזאַמענלעבן: מיט דעם ווילן צו שאַפן אַ נייע פולקאָמענע טאָפּיע, וועלכע זאָל נישט אַנטהאַלטן מער אין זיך קיין שום פעלערן און אומגערעכטיקייט. נאָך דער אוטאָפּיע קומט-אויף אַ טאָפּיע, וועלכע אונטערשיידט זיך טאַקע פון דער פריערדיקער אין ממשותדיקע פונקטן, אָבער בלייבט אין תוך ווידעראַמאָל אַ טאָפּיע.

אַזוי אַרום קאָן מען פאָרמולירן דאָס *ערשטע געזעץ*: נאָך יעדער טאָפּיע פאָלגט אַ אוטאָפּיע, נאָך איר ווידעראַמאָל אַ טאָפּיע, א. א. וו. (דאָס איז אַ דורכאויס-חיסנשאַפטלעכער רעזולטאַט, אַרויסגעפירט מיט דעם ריכטיקן ווינסשאַפטלעכן מעטאָד. די אינדוקטיווע דערפאַרונג, וועלכע ליגט דאָ אין יסוד, איז, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, דייטלעך גאָר קורץ און גאָרנישט גרויס. אָבער וואָלט אפילו די דערפאַרונג געווען גאָר גרויס, וואָלט עס אויך נישט פאַרשאַפט פאַר דעם דערמאָנטן געזעץ יענע נויטווענדיקייט און אַלגעמיינגילטיקייט, וועלכע מיר שרייבן אים צו מיט זיכערקייט. אָט די זיכערקייט ווערט געשאַפן דורך דעם *אינטואיטיוון* געפיל פון

אַלגעמיינער מענטשלעכער נאַטור, פון וועלכן מיר האָבן שוין אויבן בכלל אָנגעהויבן אונזער אונטערזוכונג. גענוי ווי יענער אויסגאַנגס־פּונקט, איז דאָס אָקאָרשט־פאָרמולירטע געזעץ פאַר אונז אַזוי פעלזנפעסט, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר).

דער אויספיר: די טאָפּיעס און די אוטאָפּיעס גלייכן איינע די אַנדערע אין דער צאָל.

די אוטאָפּיעס איז אַלזאָ יענער צו דער גרעסטער קלאָר־קייט קריסטאַליזירטער סכום פון באַשטרעבונגען, וועלכע פירן בשום אופן נישט צו זייער אייגנטלעכן ציל, אָבער שטענדיק צו אַ וועלכער נישט איז נייער טאָפּיע. מיט רעוואָלוציע וועלן מיר באַצייכענען יענעם צייט־שטח, בעת וועלכן די אַלטע טאָפּיע באַשטייט שוין נישט מער און די נייע באַשטייט נאָך נישט. רעוואָלוציע איז אַלזאָ דער וועג, וועלכער פירט פון איין טאָפּיע צו דער אַנדערער, פון איין רעלאַטיווער סטאַבילקייט — איבער כאַאָס, רעבעליע, אינדיווידואַליזם (העראָאיזם און חיהשקייט, איינזאַמקייט פון דעם גרויסן מענטשן און עלנטע פאַרלאָזנקייט פון דעם מאַסן־אַטאָם) -- צו אַ אַנדערער רעלאַטיווער סטאַבילקייט.

אויב מיר זאָלן באַצייכענען די טאָפּיעס מיט די בוכ־שטאַבן A, B, C, א. א. וו. און די אוטאָפּיעס — מיט a, b, c, א. א. וו., דעמאָלט פירט דער געשיכטלעכער וועג פון אַ געמיינשאַפט A איבער a צום B, איבער b צום C, איבער c צום D א. א. וו. דידאַקטיקע באַצייכענונג קאָן אונז אָבער דער־פירן דערצו, אַז מיר זאָלן וועלכע נישט איז טאָפּיע באַטראַכטן אַלס דעם אָנהויב פון דער אַנטוויקלונג, בעת אין דער אמתן האָבן שוין פאַר איר עקזיסטירט אוטאָפּיעס מיט טאָפּיעס. דערפאַר לאָמיר זיך, ביי דער באַצייכענונג פון אָט די דער־שיינונגען, באַנוצן בעסער מיט די מיטעלע בוכשטאַבן פון דעם אלף בית, אַלזאָ: M איבער m צום N, איבער n צום O, איבער o צום P א. א. וו. אָבער דערמיט אַליין זענען מיר נאָך נישט אַרויס פון דער פאַרלעגנהייט און עס הויבט זיך אָן אַ נייע שיעור־אומבאַזיגבאַרע שווערקייט. מען קאָן דאָך

פרעגן, צי מיר מוזן אָנהויבן די אַנטוויקלונגס-ליניע מיט A צי מיט a, אַנדערש גערעדט: צי זאָל מען אַוועקשטעלן אין דער התחלה פון דער מענטשהייט-געשיכטע דעם רעוואָלוציאָנערנדיקן געדאַנק אָדער די סטאַבילע געזעלשאַפט? וועט מען מוזן ענטפערן, אַז דער אלף בית הויבט זיך אָן מיט A אָדער a נאָר לגבי גרויסע אָדער קליינע קינדער, אַז אָבער פאַר קיין שום אַרט געשיכטע עקזיסטירט נישט קיין שום אָנהויב בכלל. דאָס ליגט שוין אַזוי אין דעם באַגריף פון געשעען, ווייל דאָס, וואָס וואָלט זיך געקאָנט אָנהויבן, וואָלט אויך געקאָנט זיין פאַרענדיקט און נישט האָבן מער קיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. זוכענדיק דעם אָנהויב מוזן מיר געשטופט ווערן אַלץ ווייטער און ווייטער אויף צוריק, און ווען מיר וואָלטן אַפילו דערבליקט אין אַ געוואַלטיקער ווייטקייט עפעס אַזוינס ווי אַ פּאָר-מענטשלעכע געשיכטע, וואָלט אויך דאָרטן געמוזט זיין סטאַבילקייט און רעבעליע, געמיינשאַפט און אינדיווידואום, אָדער ווי מען זאָל נישט אָנרופן דידאָזיקע קעגנזעצלעכקייט אין דער אויסבילדונג פון אָרגאַנישע און נישט נאָר אָרגאַנישע נאַטורן. ביי דערדאָזיקער שווערער פראַגע האַנדלט זיך עס נישט מכח עפעס אַזוינס, ווי דער „געזעלשאַפטלעכער אָפּמאַך”, וועלכן רוסאָ האָט פאָראויסגעזעצט ביי די ערשטע מענטשן, אויך נישט וועגן דער דילעטאַנטישער פראַגע פון די אַלטע דענקער, צי דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן איז באַזירט אויף „נאָמאָס” (מענטשן-געזעץ) אָדער „פיזיס” (נאַטור), און אויך נישט וועגן די דילעטאַנטישע תשובות פון די דאַרוויניסטן, — נאָר וועגן יענעם טונקעלן וועלט-פונקט, וועלכער איז אַרומגערינגלט פון אַלע נעפּלדיקע פּראָבלעמען פון דערקענטעניש-טעאָריע און נאַטור-פילאָזאָפיע. דער, וועלכער וועט אַריינטראָגן ליכט אויף דעם געביט, דער וועט צוזאַמענפירן און פאַראייניקן די ביידע אַרטן פון וויסן און גלייכצייטיק גייסט און נאַטור. מיר קאָנען אַלזאָ נישט פאַרנעמען זיך דערמיט כלאחר יד; מיר שטעלן נאָר פעסט: דאָ איז אַ דורכאויס-אומבאַשטימטער און שוואַנקענדיקער געביט, וועלכן

מיר מוזן לאָזן אָן אַ זייט, אויב מיר ווילן וויסנשאַפטלעך גיין פאָראויס. מיר טוען עס טאַקע אַזוי, אָבער מיר באַזיצן שוין נישט מער ווי פריער די חוצפּה און זיכערקייט; מיר טרעטן אויף אַ חאַקלדיקן באָדן, מיר שפּירן, אַז מיט אונזער וויסנשאַפטלעכקייט וועלן מיר זיך באַלד אָנשטויסן אויף אַ וואַנט, און דערפאַר טאַקע לאָזן מיר דעם ABC מיט די אַלע מאַטעמאַטישע מאַסקאַראַדן בעסער אָן אַ זייט.

יעטוועדע אוטאָפּיע שטעלט זיך צונויף, ווי ס'איז קלאָר, פון צוויי עלעמענטן: פון דער רעאַקציע אויף דער טאָפּיע, פון וועלכער זי וואַקסט אַרויס, און פון דער דערינערונג וועגן אַלע פריערדיקע, ביז איצט באַקאַנטע אוטאָפּיעס. אוטאָפּיעס זענען שטענדיק טויט נאָר למראית עין, און ביי יעדער דערשיטערונג פון זייער קבר — דער טאָפּיע — שטייען זיי אויף תחית המתים. פונקט אַזוי אָבער שטעקן אין יעדער טאָפּיע די זיגרייכע עלעמענטן פון דער פריערדיקער אוטאָפּיע, וועלכע האָבן זיך פון אַ ווילן פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט, און אויך די לעבנספעאיקע עלעמענטן פון דער אונטערגעגאַנגענער טאָפּיע.

דערמיט אַליין איז אָבער נאָך נישט געשילדערט אינגאַנצן דער מהות פון דער נייער טאָפּיע. אויף דעם אינהאַלט פון דער נייער טאָפּיע ווירקט ראשית כּל אַ נייער עלעמענט, וועלכן מיר מוזן אַריינפירן אין חשבון: די פּראַקטישע פאָדערונגען פון דער עפּאָכע פון דער רעוואָלוציע. דערפון דרינגט אַרויס עפּעס, וואָס איז אַזוי וויכטיק און אַלגעמיינגילטיק, אַז מיר קאָנען דערין אַרויסגעפינען אַ צווייט געזעץ.

צווייטעס געזעץ: די פּראַקטישע פאָדערונגען פון צוזאַמענלעבן בעת דער עפּאָכע פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד און איבערגאַנג ברענגען עס מיט זיך, אַז שוין בעת דער רעוואָלוציע בילדעט זיך אויס די נייע טאָפּיע אין דער פאָרם פון דיקטאַטור, טיראַניע, פּראָוויזאָרישע רעגירונג וכדומה.

ערשטער אויספיר: די נייע טאָפּיע טרעט אויף

אין לעבן, כדי צו ראַטעווען די אוטאָפּיע, אָבער אין דער אמתן פירט זי צו איר אונטערגאַנג.

צווייטער אויספיר: די פּראַקטישע פאָדערונגען, וועלכע מוזן פירן סוף כּל סוף צו דער גרינדונג פון אַ נייער טאָפּיע, שטאַמען נישט נאָר פון דעם, דורך רעוואָלוציע געשטערטן, עקאָנאָמישן לעבן, נאָר זייער אָפט פון די אָנגריפן מצד דער פיינטלעכער סביבה-וועלט.

ווייל מען טאָר זיך נישט פאָרשטעלן, אַז די געמיינשאַפט, וועלכע טראָגט זיך אויף די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע, פון טאָפּיע צו טאָפּיע, לעבט איזאָלירט אָדער האָט זיך ערשט אָקאָרשט אָנגעהויבן. זי איז פון אַלע זייטן באַגרענעצט פון אויך באַגרענעצטע עלעמענטן, זי ווערט באַאיינפלוסט פון אויך באַאיינפלוסטע עלעמענטן, פון מענטשן-אָרגאַניזאַציעס פון אַלע מעגלעכע אַרטן, און בכלל פון דער גאַנצער קאָסמישער וועלט, וואָס זייערע השפּעות און באַדינגונגען האָבן אָפטמאָל אַ געוואַלטיקע באַדייטונג, ווי למשל, הונגער-יאָרן, נאַטור-קאַטאַסטראָפעס, ווי די ערד-ציטערנישן אין ליסאַבאָן, און אין די פריערדיקע צייטן קאָמעטן, זון-פינסטערנישן, עפּידעמיעס. ווייטער: די רעוואָלוציע איז נוטה גאַנץ באַזונדער דערצו, אָנצוצינדן אַן אַלגעמיין פייער אין די פעלקער. אַריבערצושפּרייזן די בכלל זייער פליסנדיקע גרענעצן וכדומה. באַזונדער שטאַרק ווייל די אוטאָפּיע נישט צולאָזן קיין שום נאַציאָנאַלע און מלוכהשע באַשרענקונגען, זי וויל אויפריכטן די אידעאַלע אָרדענונג פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אין רעוואָלוציאָנערע צייטן מאַכט מען גאָר אָפט צו קליין-געלט דאָס האַרץ, וועלכע האַלט זיך נאָך אָן דאָס אַלטע, דערפאַר גרויסט זיך זייער שטאַרק דער פאַרשטאַנד. ווי העגעל האָט דאָס שאַרף פאָרמולירט, זאָל די וועלט אוועקגעשטעלט ווערן אויף דעם פאַרשטאַנד, ד. ה. אויף דעם קאָפּ. אָבער אין די אַנדערע לענדער אָדער פּראָווינצן שטייען אַנדערע מענטשן אויף אַ סטאַבילערן באָדן, און ביי זיי איז אפשר דאָס האַרץ מאַכטפולער אָדער די טפשות איז גרעסער. דעמאָלט נעמען זיך די

באַדראָטע שכנישע טאָפּיעס לשם זעלבסטדערהאַלטונג פאַר דאָס גענווער אָדער אַנדערע געפּערלעכע מיטלען: פון דער רעוואָלוציע וואַקסט אַרויס אַ מלחמה אָדער אַ לאַנגדויערנדיקער עקאָנאָמישער קאַמף צווישן נאַציעס.

אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט זיך די אוטאָפּיע בכלל נישט אין אַווירקלעכקייט און די רעוואָלוציע ווערט נישט מער ווי אַן עפּאָכע פון איבערגאַנג פון איין טאָפּיע צו דער אַנדערער, אָדער קירצער געזאָגט: אַ גרענעץ צווישן צוויי טאָפּיעס. אָבער יעטוועדע אוטאָפּיע, ווי שוין געזאָגט, אַנטהאַלט אין זיך זייער וואָך דעם מאָמענט פון באַגייסטערטער דערינערונג וועגן אַלע פריער געוועזענע אוטאָפּיעס. עס איז פּונקט אַזוי ווי אין דער זייער קאָמפּליצירטער נאַטור: דאָס וויין הויבט אָן צו יוירן אַ דאַנק די הויוון, אָבער די הויוון זענען אַליין אַרויסבאַקומען געוואָרן פון אַ פריערדיקן וויין א. א. וו.; די הויוון זענען יעדעסמאָל פריש, אַנטהאַלטן אָבער אין זיך דאָך די ווירקלעכקייט, די קראַפט אָדער די דערינערונג (דאָס איז אַלץ איינס) פון אַלע פריערדיקע הויוון. אַזוי איז עס אויך מיט דער אוטאָפּיע: הגם זי גייט שטענדיק אונטער, לייזט זיך אויף און פאַרשווינדט אין דעם פרעמדן מאַטעריאַל, וועלכן זי האָט אַליין געבראַכט צום יוירן און צום איידעלן רוען, פונדעסטוועגן דערוואַכט זי תמיד אין די נייע צושטאַנדן. זי לעבט אויך אין די צייטן פון רעלאַטיוו-סטאַבילע טאָפּיעס אונטער דער ערד ווייטער און פאַרנעמט זיך דערמיט, וואָס זי שמידט אויס אָט פון דעם קאָמפּלעקס פון דערינערונגען, שטרעבונגען און געפילן אַן איינהייט, וועלכע זי איז נוטה אָנצורופן מיט דעם נאָמען רעוואָלוציע. אין דעמדאָזיקן זין איז רעוואָלוציע שוין נישט נאָר אַ צייט-שטח אָדער אַ גרענעץ, נאָר אויך אַ פּרינציפּ, וועלכער שפּאַנט איבער די לאַנגע תקופות פון טאָפּיעס אַלץ ווייטער און ווייטער.

מיר האָבן פריער באַרירט און געזאָגט אַז אַ זייט די גרויסע שוועריקייט פאַר דער וויסנשאַפט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם אומענדלעכן עבר, אין וועלכן מיר קאָנען נישט

געפינען קיין שום קלאָרן אָנהויב. די אַנדערע שוועריקייט, וואָס באַשטייט אין דער דערקענטעניש פון אונזער סביבה, וועלכע באַנייט זיך אומאויפהערלעך אין דעם אומענדלעכן רוים, האָבן מיר קוים באַהאַנדלט. מיר האָבן אַלץ געשטרעבט פאָראויס, אָבער איצט וועט דאָס נישט גיין ווייטער. די רעוואָלוציע, ווי מיר האָבן זי אָקאָרשט אויסגעטייטשט, דערקלערט פאַר פאַלש אונזערע פריערדיקע געזעצן, טראָץ זייער שטרענגער געזעצלעכקייט; ווייל זי איז דאָך אייגנטלעך אַ פרינציפ, וועלכער שפרייזט מיט ריזן-שריט פון די מקדמונימדיקע צייטן איבער גאַנצע יאָרהונדערטער, — אין דער צוקונפט אַריין. דאָ אָבער פאַרענדיקט זיך אונזער וויסנשאַפטלעכע באַשרייבונג: זי שטייט אָנמעכטיק פאַר דער צוקונפט, פון וועלכער מיר ווייסן גאָרנישט, און דאָ ערשט אַנטפלעקט זיך די באַדייטונג פון דעם עבר, פון וועלכן מיר ווייסן אויך זייער ווייניק. ווייל איך לייקן דורכאויס נישט, אַז פאַר דער וויסנשאַפט (וועלכע וואָלט דערמיט געוואָרן אידענטיש מיט דער פראַקטיק) וואָלט די צוקונפט פונקט אַזוי געקאָנט זיין אַ לעזבאַרע אויפגאַבע, ווי עס זענען לעזבאַר די אויפגאַבן פון מאַטעמאַטיק, און אַז די רעזולטאַטן פון די וויסנשאַפטלעכע קאָנסטרוקציעס וואָלטן טאַקע געקאָנט ווערן פאָראויסגעזען מיט זיכערקייט, ווען עס וואָלטן אונז נאָר געווען באַקאַנט די עלעמענטן פון דעם עבר.

דאָ שטויסן מיר זיך אָן קודם כל אויף אַ פונקט און מיר ווייסן נישט קלאָר: צי האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַנטפלעקונג פון דער רעוואָלוציע, וועלכע שפרייזט איבער די יאָרהונדערטער, אָדער מיט עפעס אַנדערעס? אָט דער פונקט איז די תקופה פון דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער אַנטיקער (גריכיש-רוימישער) וועלט, דער אויפקום פון נישט בייע, נאָר אויסגערוטע פעלקער, פון דעם נצחון פון קריסטנטום. מיר האָבן שוין געזאָגט: אַ פאָלק לאָזט זיך נישט באַטראַכטן איזאָלירט. דאָ, ביי דערדאָזיקער תקופה, דערקענען מיר דאָס מיט זיכערקייט. מיר וואָלטן אַלזאָ געמוזט נאָכאַמאָל אָנהויבן,

וואָלטן געמוזט דעפינירן אַ טאָפּיע אַלס די אַלגעמיינע פאָרם פון צוזאַמענלעבן פון אַ סך פעלקער. לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס וואָלט אונז געגליקט, כאָטש עס קאָן גאָרנישט גליקן, ווייל מיר וואָלטן דאָך נישט געוווּסט, ווי צוצוקומען צום סוף: מיר וואָלטן געמוזט פון די איינע פעלקער-גרופּן קומען צו די אַנדערע, און פון דאָרטן צו די חיות און פלאַנצן און מעטאַל-גרובן, און מיר וואָלטן נישט געקאָנט אַפילו אָפּשטעלן זיך ביי דער וועלט פון די שטערנס. אָבער אָפּגעזען פון דידאַזיקע אומענדלעכע פּערספּעקטיוון, באַגרענעצן מיר זיך מיט דער כלומרשט-קליינער פראַגע (נישט פון באַשיידנקייט, נאָר ווייל אין דעם קליינעם איז אַנטהאַלטן דאָס גאַנצע און אין יעדער פראַגע — אַלע פראַגן): צי דאַרפן מיר באַטראַכטן אַט יענעם געוואַלטיקן וועגדפּונקט, וועלכן איך האָב דערמאָנט, אַלס אַ תקופה פון רעוואָלוציעס, צי נישט? אָבער אַפילו ווען עס וואָלט שוין געהערשט אין דער פראַגע אַ פולקאָמענע קלאָר-קייט, אַפילו ווען מיר וואָלטן געגוי פאַרשטאַנען אַט דעמדאָ-זיקן איבערגאַנג פון אַלטערטום צו דער נייער צייט, וועלכער איז אגב גאָרנישט געווען קיין איבערגאַנג, נאָר אַ פרישער פרימיטיווער אָנהויב פון אויסגערוטע פעלקער, הגם עס זענען נאָך נאַטירלעך פאַרבליבן עלעמענטן פון דער אַנטיקער וועלט...

אָבער דאָ וויל איך מיך אַליין אונטערברעכן. איך מוז ראשית דערקלערן, וואָס איך פאַרשטיי אונטער אויסגערוטע פעלקער. געוויינלעך רופט מען זיי אָן פרימיטיווע, אָדער נאָך בעסער — אור-פעלקער; איז מען צו זיי פריינטלעך, זאָגט מען באַרבאַרן, איז מען אומפריינטלעך אָדער אַ מיסיאָנער, זאָגט מען ווילדע. מען גלויבט, אַז דידאָזיקע מענטשן שטייען עפּעס באַזונדער נאָנט צו אַ וועלכער נישט אַנטשטייאונג פון דער מענטשהייט. אייגנטלעך גלויבט מען אין דעם באמת אויך נישט, בעת מען דרינגט אַריין אין דער זאַך טיפער, אָבער ס'איז אַ מין אָבערגלויבן, ווי אַן אַרט שפּיל און אָנגענעמע געוויינהייט; מ'איז אַפילו אויפגעקלערט, אָבער מ'האַלט זיך האַרציק אָן אַלץ, וואָס איז טראַדיציאָנעל און איינגעפונדעוועט.

און אָט אַזוי איז אויך די פאָרשטעלונג וועגן אור-פעלקער אַ מין שפּילזאַך, וועלכע גייט קריטיקלאָז אַריבער פון האַנט צו האַנט. דערביי איז מען זיך לחלוטין נישט קלאָר אין וועלכן זין זענען די אור-פעלקער נאָנט צו דער „אַנטשטייאונג״: צי מען מיינט זייער אַנטשטייאונג פון אַ וועלכער נישט איז חיה אָדער פון אַנדערע מענטשן-גרופּן, צי מען מיינט אַ פאַרבינדונג פון די ביז דעמאָלט איזאָלירטע אינדיווידוען אין אַ פאַרבאַנד, צי מען וויל נאָר זאָגן, אַז דידאָזיקע מענטשן געפינען זיך משנים קדמוניות אין אַ סטאַבילן צושטאַנד פון דער סאַמע ערשטער אורשפּרינגלעכקייט. אין אָט דעם אומקלאָרן אויסדרוק שטעקט עפּעס פון די אַלטע השערות. וואָלט איך זיך נאָך איצט געהאַלטן פאַר דער וויסנשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע, וואָלט איך איצט געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו פאָרמולירן נייע געזעצן. ראשית, אַזאַ מין געזעץ: אַלע מענטשן זענען, לויט דער קייט פון זייערע אבות, אין אַ גלייכער מאָס אַלט. דאָס איז פּונקט אַזוי ריכטיק, ווי דער אַלטער וויץ מכּח דעם, אַז אומפּרוכטבאַרקייט גייט נישט אַריבער בירושה; דאָס איז אַ גאַנץ גוט געזעץ און פּונקט אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך אָט ווי די אויבן דערמאָנטע חכמה און ווי אַ סך אַנדערע געזעצן, וועלכע ווערן תיכף נאָך זייער פאָרמולירונג פאַרגעסן און איגנאָרירט. די מענטשן געהערן אַלזאָ אַלס מענטשן צו אַ צייט, וועלכע ליגט אויף הונדערטער טויזנטער יאָרן צוריק, און אייגנטלעך נאָך פריער אין דער ווייטער אומענדלעכקייט, ווייל זיי האָבן דאָך עקזיסטירט נאָך איידער זיי זענען געוואָרן מענטשן און נאָך איידער אונדזער פּלאַנעט איז געוואָרן ערד.

(אָט דאָ ענדלעך וועט דער לייענער נישט קאָנען זיך איינהאַלטן פון אַ קוועטש מיט דער פּלייצע: ס'טייטש, אַזאַ מין אונטערזוכונג מישט צונויף סאָציאַל-פּסיכאָלאָגיע מיט סאָציאָלאָגיע און זיי ביידע מיט געשיכטע, און דאַן פאַרקירעוועט זי זיך צו פּסיכאָלאָגיע און צו דערקענטעניש-טעאָריע און צו פּאָליטישער עקאָנאָמיע און מעטאַפיזיק, ביאָלאָגיע, קאָסמאָלאָגיע

און גאָט ווייס נוּוהין. בתשובה אויף דעם וויל איך נאָר דער־מאָנען וועגן דעם שרעק, וועלכער כאַפּט מיך אַרום, בעת איך טראַכט וועגן דעם, אַז ס׳זענען טאַקע פֿאַראַן וויסנשאַפֿטן, וועלכע שפּרייזן נישט אַרויס פון דעם געביט, וועלכן זיי האָבן זיך אַליין אָדער אַנדערע האָבן זיי אָפּגעמאָסטן. דער גרויסער און אָפּטמאָל דער איינציקער פֿאַרדינסט פון די פּרוּוון צו שאַפֿן אַ נייע וויסנשאַפֿטלעכע דיסציפּלין ביי דעם גרענעץ צווישן איינינקע וויסנשאַפֿטן באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס זיי רייסן אויף די גרענעצן, וואָס זיי גיבן אַן אָרט פֿאַר נייע קאָמבינאַציעס און אַסאָציאַציעס, פֿאַר נייער פֿאַנטאַזיע און אַבסטראַקציע, וואָס זיי ברעכן די דיסציפּלין פון די פֿאַקולטעטן. און איצט ווידער צו דער זאַך).

פּונקט אַזוי ווי יעדער מענטש וואַקסט אַרויס — אין דער טיפֿעניש פון דער צייט — פון דעם באָדנלאָזן עבר, פּונקט אַזוי באַקומט ער אויך זיין געשטאַלט (ער ווי אַלע זיינע אבות) — אין דער ברייטקייט פון דעם רוים — פון דעם אומאויפהערלעכן, רולאָזן און אומצייליקן אַרום. ווייל דאָס, וואָס דער קערפּער פון מענטשן אַנטהאַלט אין זיך גשמיותדיקעס, זיכטבאַרעס, שטאָפֿלעכעס איז תמיד עפּעס אַנדערעס, וואָס איז צוגעקומען פון דרויסן, וואָס ענדערט זיך. דער מענטש איז שטענדיקער שטאָף־וועקסל, און דאָס וואָס האַלט אים צונויף, וואָס פֿאַרבינדט אים מיט זיך אַליין אָדער מיט זיינע אבות (וואָס איז אַלץ איינס), — איז עפּעס אומזיכטבאַרעס, אַ פּרינציפּ פון פֿאָרם, אַ מין זכּרון, וועלכער פֿאָרמירט דעם מענטש, אָט דעמדאָזיקן מיקראָקאָסם, אָט די איינהייט פון אומענדלעכקייט, אָט דעם וועלט־גייסט. אַזוי אַרום איז נישטאָ קיין חילוק און קיין אָפּשיידונג צווישן די אבות, וועלכע איך אַליין בין, און די אבות, וועלכע איך האָב, און דער סביבה־וועלט, פון וועלכער איך קום אַרויס; נישטאָ קיין חילוק צווישן די יורשים, וועלכע איך אַליין בין, די יורשים, וועלכע איך האָב, און דער סביבה־וועלט, אין וועלכער איך ווער פֿאַרוואַנדלט. דערפֿאַר איז אָבער דאָ אַ חילוק צווישן מיר

און דיר, ווי צווישן וועלט און וועלט. ווייל דו ביזט נאָר
מיין קליין טיילכל און ביזט דאָך, פונקט ווי איך, א גאַנצע
וועלט; און איך בין נאָר דיין קליין טיילכל און בין דאָך,
ווי דו, א גאַנצע וועלט. און פונקט אַזוי ווי די וועלטן זענען
פאַרבונדן דורך די בריקן פון ליכט, אַזוי איז אויך נויטיק,
אַז עס זאָל זיין צווישן מענטשן גייסט, וואָס איז ליבע,
וועלכע שאַפט די פאָרמען פון צוזאַמענלעבן: די פאַמיליע,
די סטאַדע, די נאַציע (שפראַך, זיטן, קונסט), — און וועלכע
רייסט-אויף ווידעראַמאָל לשם א נייער געמיינשאַפט די אַלטע
פאַרשטיינערטע פאָרמען, פון וועלכע עס וואַקסט שנאה, גייסט-
לאָזיקייט און אומגערעכטיקייט. דאָס וועלן מיר נאָך ווייטער זען.
ווער עס פאַרשטייט דאָס, וועט מיט מיר מסכים זיין,
ווען איך וועל אָנווענדן דידאַקטיקע דערקענטעניש אויף אונזער
פאַל און איך וועל זאָגן, אַז יעדער איינצלנער מענטש האָט
הינטער זיך אַן עבר פון אומגעציילטע פעלקער און אומגע-
ציילטע תקופות פון העכסטער, אַלערהעכסטער קולטור. אַזוי,
למשל, זענען די אפריקאַנישע האָטענטאָטן דורך זייערע אור-
אור-אבות פאַרבונדן אויף צוריק מיט אַזעלכע קולטור-תקופות,
וועלכע מיר קענען טאַקע נישט, אָבער וועגן וועלכע מיר מוזן
אַפּריאָרי באַהויפּטן, אַז זיי זענען אַמאָל געווען לויט זייער
קולטור-ווערט צען און צוואַנציק מאָל העכער, איידער די
בליענדיקסטע צייטן פון די גריכן אָדער די עגיפּטער (פאַר
דער פאַנטאַזיע זענען נישטאָ קיין גרענעצן, קוקט זיך נאָר
צו צו די געאָלאָגן און די כעמיקער!). מיר האָבן וועגן
דעם קיין שום ידיעה נישט, אָבער טאַקע דערפאַר מוזן מיר
דאָס באַהויפּטן, ווייל יעטוועדע אַנדערע השערה, למשל פון א
שטענדיקן אָדער ציקלישן פּראָגרעס, וואָלט געווען אַבסאָלוט
זינלאָז. אט אַזעלכע פעלקער אָדער שבטים רוף איך אָן אויס-
גערוטע. אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן דעם ענין, פירט צו דעם
געדאַנק, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין פּראָגרעס אין דער
מענטשן-געשיכטע אלס גאַנצעס, נאָר אַז באַשטימטע קולטורן
רייסן זיך איבער צוליב אַלטקייט — נישט אַלטקייט פון פעלקער,

װאָס ס׳איז אַן אומזין, נאָר אַלטקייט פון קולטורן פאַר אַט די פעלקער — און צוליב פאַרמישונג פון פעלקער. דער אַזוי־גערופענער אונטערגאַנג פון אַ פאָלק הייסט נישט־זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז עס שטאַרבט אויס, נאָר אַז עס מישט זיך אויס מיט אַנדערע (אַסימילאַציע). די שבטים אין די פעלקער פלעכטן זיך שטענדיק און פאַרשיידנאַרטיק צונויף צווישן זיך און בלייבן אַלע ביי דידאָזיקע פאַרפלעכטונגען גלייך אַלט (די אומזיניקע פראַגע, צי די מענטשהייט איז „אַנטשטאַנען פון איין פאָר", זאָל בלייבן דאָ אָן אַ זייט, ווייל יעדנפאַלס זענען אַלע טיילן פון דער וועלט גלייך אַלט, ד. ה. באַשטייען פון שטענדיק און אייביק אָן), נעמען אַלע אָנטייל אין דעמזעלביקן גרויסן און בכבודיקן עבר, ווערן אַלע פון צייט צו צייט אַזוי עפעס ווי פאַרמאַטערט און רו־באַדערפטיק, און פון צייט צו צייט — אַזוי עפעס ווי פרימיטיוו, אורשפרינגלעך און בראשיתדיק.

איצט זעען מיר שוין קלאָר, אַז מיר קאָנען נישט פאַרפאָלגן מעכאַניש ביז אין די ערשטע תקופות צוריק דעם הינקעדיקן גאַנג פון דער פעלקער־געשיכטע איבער טאָפיעס און אוטאָפיעס, איבער סטאַבילקייט און רעוואָלוציעס. היות ווי עס איז נישטאָ קיין איינהייטלעכע מענטשהייט און אויך נישט קיין איזאָלירט פאָלק, ווירקן זיך אויס די צוצי־ און אָפשטויס־פראָצעסן אין זיי אין אַ סך קאָמפליצירטערע פאָרמען, ווי בכלל. און אָט לגבי דידאָזיקע אומגעהייערע רעוואָלוציעס, פון וועלכע מיר האָבן אָקאָרשט גערעדט (אַזאַ מין רעוואָלוציע איז געווען, למשל, דער איבערגאַנג פון אַלטערטום צו דער נייער וועלט־תקופה אין די צייטן פון דער פעלקער־וואַנדערונג), פאַרוואַנדלען זיך די אַזוי־גערופענע רעוואָלוציעס, די פאָרגעשעענישן, וועלכע מ׳קאָן באַצייכענען מיט דעמדאָזיקן נאָמען, אין ווינציקע און לופטיקע עפיזאָדן. איצט אַלזאָ קאָנען מיר זאָגן: ניין, דער אויפקום פון קריסטנטום, דער אונטערגאַנג פון אַלטערטום, די אַזוי־גערופענע פעלקער־וואַנדערונג איז נישט געווען בלויז איין שריט פון

דער רעוואָלוציע, וואָס שפּרייזט איבער יאָרהונדערטער. ווייל דאָס קריסטנטום, אָט דער קליינער ירידה-פּראָדוקט פון דער אַנטיקער דעקאַדענץ און יידישער סעקטירערײ, וואָלט בכלל נישט באַקומען קיין שום באַדייטונג, ווען עס וואָלט זיך נישט אָנגעשטויסן אויף די אויסגערוטע פעלקער, פאַר וועלכע דאָס קריסטנטום איז שוין נישט געווען קיין קליינקייט, נאָר אַן אומגעהייערע קראַפט. די גרויסע קינסטלער פון אַלטערטום פידיאַס און סאָפאָקלעס האָבן נישט געהאַט פאַר זיי קיין ווערט, ווייל זיי זענען געווען די רעפּרעזענטאַנטן פון אַ תקופה (אַלטערטום), וועלכע האָט שוין דערגרייכט איר העכסטן שפּיץ. אַ נייע תקופה וואַקסט אַרויס פון די צייטן פון דעקאַדענץ און אויסגערוטער אינהאַלטלאָזיקייט; דעמאָלט אַנטשטייט דער מיטאָס, און ווו נאָר ס'איז דאָ אַ מיטאָס, אַנטשטייט אַ ניי פאָלק. ווו קאָנען מיר אַלזאָ פאַרפאָלגן אויף צוריק אין דעם עבר דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע? נאָך רוים און גריכנלאַנד פירט נישט ווייטער דער וועג. אויף יענער גרענעץ ליגט אַ מעשה בראשית, אָבער נישט קיין רעוואָלוציע; און צווישן דעם אַלטערטום און דער נייער צייט ליגט נישט אַ פּשוטע אַנטוויקלונג, נאָר טאַקע עפּעס גאָר אַנדערעס.

אַזוי אַרום האָבן מיר פאַר זיך אַ מענטשהייט-געשיכטע פון אַ סך יאָרהונדערט-טויזנטער, וועלכע איז אָבער עפּעס גאָר אַן אַנדער זאַך, איידער דאָס, וואָס מיר רופן אָן געוויינלעך געשיכטע אויפן יסוד פון דער נישטיקער דערפאַרונג פון צוויי-דריי יאָרטויזנטער, פון וועלכע מיר ווייסן אפילו אויך נישט דאָס בעסטע. וואָס ווייסן מיר אייגנטלעך פון רעוואָלוציעס. כדי צו קאָנען רעדן וועגן דעם קאַלט און מיושבדיק, אינפאָרמאַטיוו און אַנאַליזירנדיק? מיט די רעוואָלוציעס פון אַלטערטום וועט מען נישט קאָנען אַ סך אויפטאָן; ראשית כל דערפאַר, ווייל דאָס אַלטערטום איז אַן אינערלעך-אָפּגעשלאָסענע אַנטוויקלונג, וועלכע מען קאָן נישט פּשוט פאַרגלייכן מיט דער נייער צייט, צו וועלכער מיר געהערן. אמת טאַקע די נאַטור פון מענטשן איז אומעטום אין יסוד דיזעלביקע;

אָבער די יסודות פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן זענען לחלוטין פאַרשיידענע. קודם כל מוז מען נעמען אין אַכט, אַז די פעל־קער פון אַלטערטום זענען געשטאַנען גראַדליניק אויף אַ האָריזאָנטאַלער פלאַך און האָבן זיך געצויגן אין דער הויך צו די געטער, בעת אונזער לעבן באַוועגט זיך אויף דער קרומער ליניע אַרום דעם ערד־קוגל אַרום. אָפּגעזען דערפון, וואָס ווייסן מיר אַלזאָ פון רעוואָלוציעס?

דער ענטפער איז, אַז מיר קאָנען באמת נאָר איין־איינ־ציקע עכטע רעוואָלוציע, וואָס באַטייט אָבער לחלוטין נישט, אַז די רעוואָלוציע שפּרייזט מיט ריזן־שריט דורך דער גאַנצער מענטשן־געשיכטע. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז אין אָט דער אַזוי־גערופענער מענטשן־געשיכטע זענען פאַראַן אַנ־דערע גרעסערע דערשיינונגען, איידער רעוואָלוציעס. נעמלעך ירידות פון קולטורן און נייע מעשי בראשית. אָט די געשעע־נישן שפּרייזן ווען נישט פון אייביקייט צו אייביקייט, איז יעדנפאַלס פון איין אייז־פּעריאָד צום אַנדערן. ווען איך דערקלער אָבער, אַז מיר קאָנען בכלל נאָר איין רעוואָלוציע, מיין איך דערביי אַ גאַנץ קאָנקרעטע געשעעניש פון אונזער אייגענער געשיכטע, אַ געשעעניש, אין וועלכער מיר גופא גע־פינען זיך נאָך. דערביי האַלט איך, אַז מיר זענען נישט אומ־שטאַנד צו פּראָווען וויסנשאַפט בנוגע אַ געשעעניש, אין וועלכער מיר אַליין זענען נאָך אַקטיוו, זאָל זיין אפילו נאָר ווי שטומע הינט. ווייל אַ וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונג פאַרלאַנגט דאָך, אַז מען זאָל פאַרנעמען אַ פּאָזיציע מחוץ פון דעם באַ־האַנדלטן קעגנשטאַנד.

די געשעעניש, פון וועלכער איך רעד, איז יענע רע־וואָלוציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אַזוי־גערופענער ר ע פ אָ ר מ אַ צ י ע ־עפּאָכע. די עטאַפּן פון דער רעוואָלוציע זענען פאָלגנדיקע: די אייגנטלעכע רעפאָרמאַציע מיט אירע גייסטיקע און סאָציאַלע שינויים, אירע סעקולאַריזאַציעס און שאַפונגען פון שטאַטן, — דער פיערים־קריג, — די ענגלישע רעוואָלוציע, — דער 30־יאָריקער קריג, — דער אַמעריקאַנישער

אומאָפּהענגיקייטס-קריג, וויניקער צוליב זײַנע געשעענישן, איידער צוליב זײַנע גייסטיקע פּראָצעסן און אידעען, מיט וועלכע ער האָט געהאַט דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דאָס, וואָס איז באַלד געקומען: די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. מיר וועלן שפּעטער באַווייזן, אַז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע ציט זיך און לעבט נישט נאָר אין פראַנקרייך. נאָר אויך אין גאַנץ אייראָפּע צווישן די יאָרן 1789—1871, און אַז דאָס יאָר 1871 שטעלט מיט זיך פאָר אַ קלאָרע און דייטלעכע ווענדונג. איך האָב אָבער נישט דעם מוט צו באַהויפּטן אַז דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט, האָט זיך אויסגעלאָשן יענע געוואַלטיקע באַוועגונג, וואָס איר אָנהויב שטעל איך אַריין אין דעם 16-טן יאָרהונדערט. איך זאָג נאָר, אַז מיר געפינען זיך גראָד איצט אין אַ קליינער פויזע און אַז עס הענגט אינגאַנצן אָפּ נאָר פון אונזער באַטור, פון אונזער ווילן און פון אונזער אינערלעכער קראַפט, צי מיר זאָלן באַטראַכטן דעם פּונקט, אויף וועלכן מיר שטייען, אַלס אַ ווענד-פּונקט און אַן אַנטשיידונג, אָדער אַלס אַ פּונקט פון דער גרעסטער פאַרמאַטערטקייט און שוואַכקייט. די דורות, וועלכע וועלן קומען נאָך אונז, וועלן דאָס וויסן, ד. ה. זיי וועלן דאָס אַנדערש וויסן, איידער מיר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווייל איך נישט לייקענען, אַז אויך לויט מײַן אייגענער שילדערונג מוז מען אין דער תּקופה פון דידאָזיקע 400 יאָר אונטערשיידן אייניקע רעוואָלוציעס און אַ סך וועקסלענדיקע צושטאַנדן פון סטאַבילקייט. מען וועט מיר זאָגן, אַז מײַן קאָנסטרוקציע פון אַן איינהייטלעכן אומגעטיילטן היסטאָרישן המשך מיט די פאַרשיידענע אַרויף און אַראָפּ, וואָס נעמט נישט קיין סוף אַפילו אין *אונזער עפּאָכע*, איז אַ קינסטלעכע קאָנסטרוקציע. אויף דערויף ענטפער איך, אַז דאָס מײַן איך טאַקע, און איך וועל נאָך מוסיף זײַן, אַז יעטוועדע געשיכטלעכע באַטראַכטונג פון אַלע דאָזיקע דערשיינונגען שטייט שטענדיק אונטער דעם איינפלוס פון אונזער ווילן, פון אונזערע איצטיקע צושטאַנדן, מיט איין וואָרט — פון אונזער אייגענעם וועג. איך דערקלער אַפילו, אַז אונזער היסטאָרישער

זכּרון בכלל העגגט אָפּ אַ סך ווייניקער פון די צופאַלן פון דער אויסערלעכער מסורה, ווי פון אונזערע אינטערעסן. פון דעם עבר קאָנען מיר נאָר א ו נ ז ע ר עבר; פון דעם געוועזענעם פאַרשטייען מיר נאָר דאָס, וואָס איז אונז היינט עפּעס נוגע; מיר פאַרשטייען דאָס פאַרגאַנגענע נאָר אַזוי ווי מיר אַליין זענען; מיר פאַרשטייען עס אלס א ו נ ז ע ר וועג. מיט אַנדערע ווערטער באַטייט דאָס, אַז די פאַרגאַנגענהייט איז נישט עפּעס פאַרטיקעס, נאָר עפּעס ווערנדיקעס. פאַר אונז איז פאַראַן נאָר חעג, נאָר צוקונפט; אויך דער עבר איז צוקונפט, וועלכע פאַרענדערט זיך, ווערט אַנדערש געווען מיט יעדן אונזערן ווייטערדיקן שריט.

דערמיט איז נישט בלויז געמיינט, אַז מיר באַטראַכטן דעם עבר יעדעסמאָל אַנדערש, לויט אונזערן גיין פאָראויס. דאָס וואָלט נאָך געווען צו-חייניק. איך באַהויפּט נאָך — נישט לשם פּאַראַדאָקס — אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, אַז די פאַרגאַנגענהייט פ אַ ר ע נ ד ע ר ט זיך. אין דער קייט פון דער קאַוזאַליטעט איז עס נישט אַזוי, אַז אַן אומבאַוועגלעכע אורזאַך רופט אַרויס אַ באַשטימטע ווירקונג, אַז די ווידער חערט אַן אורזאַך, וועלכע לייגט ווידער אַן איי א. א. וו. לויט אַזאַ מין פאָרשטעלונג וואָלט די קאַוזאַליטעט געווען אַ קייט פון איינער נאָך דעם אַנדערן פאָלגנדיקע מאָמענטן, וואָס זיי אַלע, אַחוץ דעם לעצטן, זענען אומבאַוועגלעך און טיף פאַרוואָרצלט. נאָר דער לעצטער מאָמענט וואָלט געמאַכט אַ אַ שריט פאָראויס, פון אים וואָלט אַנטשטאַנען אַ נייער שריט, וועלכער וואָלט זיך באַוועגט פאָראויס א. א. וו. איך אָבער דערקלער, אַז די גאַנצע קייט באַוועגט זיך פאָראויס, און נישט בלויז דער לעצטער גליד אירער. די אַזוי-גערופענע אורזאַכן פאַרענדערן זיך מיט יעטוועדער גייער ווירקונג. די פאַרגאַנגענהייט איז נאָר דאָס, פאַר וואָס מיר האַלטן זי, און אין דעמדאָזיקן זין ווירקט זי זיך אויס. אָבער נאָך טויזנטער פון יאָרן וועלן מיר זי באַטראַכטן גאַנץ אַנדערש ווי היינט, מיר

נעמען זי מיט, אָדער זי נעמט אונז מיט צוזאַמען מיט איר אין דעם וועג.

דאָ מוז נאָך עפּעס אַנדערעס געזאָגט ווערן. מיר אונטערשיידן צוויי אַרטן פון פאַרגאַנגענהייט, וועלכע זענען גאַנץ פאַרשיידן פאַרמידט און געהערן צו צוויי פאַרשיידענע געביטן. איין אַרט פאַרגאַנגענהייט איז אונזער אייגענע ווירקלעכקייט, אונזער וועזן, אונזער בוי, אונזער פּערזאָן, אונזער שאַפן. וואָס מיר זאָלן נישט טאָן, טוען עס דורך אונז די איבערגעקומענע און הערשנדיקע לעבעדיקע כחות פון עבר. אָט דער עבר מאַניפעסטירט זיך אין אומענדלעכע פאָרמען אין אַלץ, וואָס מיר זענען, וואָס מיר ווערן און טוען. אומענדלעך אין יעדן אינדיווידואום, און אויף וויפל אומענדלעכער אין דעם מאַסן-באַטריב פון אַלע גלייכצייטיק לעבנדיקע מענטשן און זייערע באַציאונגען צו דער גאַנצער סביבה-וועלט. אַלץ, וואָס עס פּאַסירט ווו נישט איז אין יעדן מאָמענט, איז עבר. איך זאָג נישט, אַז עס איז די ווירקונג פון עבר, נאָר איך זאָג: דאָס איז דער עבר. גאָר עפּעס אַנדערעס איז די צווייטע אַרט פון פאַרגאַנגענהייט, וועלכע מיר דערבליקן, ווען מיר בליקן אויף צוריק. עס ווילט זיך כמעט אַזוי פאָרמולירן: די עלעמענטן פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן מיר אין אונז, די עקסקרעמענטן פון דער פאַרגאַנגענהייט דערבליקן מיר הינטער אונז. די פאַרגאַנגענהייט, וועלכע איז אין אונז לעבעדיק, וואַרפט זיך אַריין יעדן אויגנבליק אין דער צוקונפט, זי איז באַוועגונג, זי איז וועג. די אַנדערע פאַרגאַנגענהייט, אויף וועלכער מיר מוזן צוריקבליקן, וועלכע מיר קאָנסטרואירן פון רעשטלעך, פון וועלכער מיר דערציילן אונזערע קינדער, וועלכע איז געקומען צו אונז ווי אַ באַריכט פון די עלטער-זיידעס, — זי זעט אויס ווי אומבאַוועגלעך, און היות ווי זי איז געוואָרן אַ בילד און איז נישט מער ווירקלעכקייט, קאָן זי זיך אויך נישט שטענדיק פאַרענדערן. זי מוז אָבער פון צייט צו צייט, דורך אַ רעוואָלוציע אין דער באַטראַכטונג פון געשיכטע, רעווידירט ווערן, אומגעוואָרפן און אויפסניי אויפגעבויט ווערן.

דערביי בויט זי זיך אויף פאַר יעדן איינצלנעם באַזונדער: יעדער יחיד זעט די בילדער אַנדערש, לויט דעם ווי די אין זיין נשמה באמת־ווירקנדיקע פאַרגאַנגענהייט טרייבט אים פאָר־אויס און ווייזט אים אַ וועג אויף אַן אַנדער אופן.

אַלץ, וואָס איז ביז איצט און וואָס עס וועט ווייטער געזאָגט ווערן מכּח רעוואָלוציע, איז — וועג, און קאָן נישט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ צוגרייטונג פון וועג. איצט נאָך אונזער אונטערזוכונג קאָנען מיר שוין מיט אַ גאַנץ אַנדערן מוט און פאַרשטענדעניש, איידער ביי איר אָנפאַנג, איבערחזרן: באַשעפטיקן זיך מיט סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע הייסט באַשעפטיקן זיך מיט רעוואָלוציע. די שטרענגע וויסנשאַפטלעכע דעדוקציע לאָמיר אָבער לאָזן דערווייל אָן אַ זייט, אמת אויף נישט זייער לאַנג, נאָר ביז צו דעם נעכסטן איין־פּעריאָד.

# III. די קולטור פון מיטלאַלטער און דער גייסט

לאָמיר אַלזאָ דורכנעמען דעם ענין נאָך אַמאָל פון אָנהויב אָן. זעלבסטפאַרשטענדלעך איז עס געווען נישט אומזיסט אַלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט ביז איצט מכּח דעם מהות פון רעוואָלוציע, אפשר טאַקע אין אַ פאַרוויקלטער פאָרם, אָבער מיט דער סאַמע ערנסטער כּוונה. אַלץ, וואָס מיר ווייסן מכּח רעוואָלוציע, דער סאַמע באַגריף רעוואָלוציע, ווי ער האָט זיך אויסגעבילדעט אין דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, אין דער תּקופה פון איבערגאַנג, וועלכן מען רופט געווײנלעך „ביי־טייט", — דאָס אַלץ באַווייזט, אַז אין דידאָזיקע יאָרהונדערטן האָבן מיר זיך אומזיכער באַוועגט פון איין רעלאַטיווער סטאַבילקייט צו דער אַנדערער, שטיצנדיק זיך אויפן שטעקן פון וועקסלנדיקע אינהאַלטן. פאַר דערדאָזיקער עפּאָכע פון איבערגאַנג, אין וועלכער מיר שטייען נאָך איצט, זעען מיר אָבער אַ תּקופה פון גרויסער סטאַבילקייט, פון שטאַרקער באַשטאַנד־זיכערקייט, פּונקט אַזאַ היפּכן גראַד פון קולטור, ווי דאָס איז געווען דאָס אַלטערטום: דעם אַזוי־גערופענעם מיטלאַלטער.

מיר מוזן אין אונזער אונטערזוכונג אַלזאָ ראשית כל אַוועקראַמען די גאַנצע נאַרישע איינטיילונג פון דער אַזוי־גערופענער וועלט־געשיכטע אין אַלטערטום, מיטלאַלטער און נייע צייט. ס'איז אַבסאָלוט נויטיק, אַז מען זאָל נישט נאָר האָבן געוויסע אָנשויאונגען, נאָר אַז מען זאָל זיי אויך אַנטשפּרעכנדיק אָנווענדן, און מען זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּוואַרפן אָפּגעשטאָרבענע נעמען און ווערטער. קיין איין אָנשטענדיקער מענטש וואָלט זיך נישט געדאַרפט מער דערלויבן צו רעדן מכח וועלט־געשיכטע, בעת ער מיינט דערביי נאָר נישטיקע רעשטלעך פון די אונז באַקאַנטע געשיכטן פון מענטשן־פעלקער. ווער עס רעדט וועגן אַלטערטום, מיטלאַלטער און נייע צייט, מוז דאָך איינזען, אַז דידאָזיקע קינדערשע באַצייכענונגען באַטייטן אייגנטלעך נישט מער ווי אַ אָנפאַנג, אַ מיטן און אַ סוף. דאָס ווערט נאָך קלאָרער, בעת מען דערמאָנט זיך, אַז די לעצטע צוויי יאָרהונדערטן רופט מען דאָך געוויינלעך די נייסטע צייט. מ י ר זאָלן עס, הייסט עס, זיין דער ציל פון דער וועלט־געשיכטע, צוליב וועלכן עס האָבן געאַרבעט אַזעלכע כלומרשט אָנפאַנגער פון דער קולטור, ווי אַ פעריקל, סאָפאָקל, יוליוס צעזאַר אָדער דאַנטע? אָדער מיר זאָלן זאָגן, אַז דער מיטלאַלטער איז געווען די פינסטערע איבערגאַנג־תקופה צווישן דער ערשטער גרויסער צייט און דער נייער הערלעכער עפּאָכע? און אויב נאָך דערדאָזיקער נייער צייט — אָט דער העכסטער תקופה פון דעם מענטש — וועט קומען נאָך עפּעס נייעס, טאָ זאָלן מיר עס אפשר נישט מער אָנרופן מענטשן־געשיכטע (מיר אַליין שטייען דאָך שוין אויף דער גרעסטער הויך!), נאָר געשיכטע פון דעם אַ־ב ע ר ־ מ ע נ ט ש?

מיר מוזן זיך אָפּגעוווינען צו רעדן וועגן אַלטערטום, מיר מוזן זיך אויך אָפּזאָגן פון דעם בכבודיקן וואָרט אַנטיקע. ווייל מיר זעען דאָך סיי גלייכצייטיק, סיי פאַר דער גריכיש־רוימישער וועלט אין אַזיע און אַפריקע גענוג אַנדערע גרויסע קולטור־תקופות, וואָס קיין איינציקע פון זיי האָט זיך נישט

באַטראַכט ווי עפּעס אַן אָנהויב אָדער אַ סוף; יעטװעדע תקופה שטייט אין מיטן פון דער אייביקייט. מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פון דעמדאָזיקן צייט-שטאַנדפּונקט, לויט װעלכן אַלע פֿריערדיקע צייטן זענען נישט מער ווי צוגרייטונגס-עטאַפּן צו אונזער עפּאָכע. מיר וואָלטן אַלזאָ בעסער געטאָן, ווען מיר וואָלטן גאָרנישט אָנגעווענדט קיין צייטלעכע סימנים ביי דער איינטיילונג פון דער געשיכטע, ווייל די קאַטעגאָריע פון צייט איז אין אונזער באַוווּסטזיין צו-שטאַרק אויסגעבונדן מיט דער קאַוזאַליטעט. (דעם קאַנטישן אויסדרוק קאַוזאַליטעט באַנוץ איך דאָ נאָר צוליב קורצקייט, כּדי איך זאָל נישט דאַרפן באַרירן אַ נייעם געביט; מען וואָלט אָבער געדאַרפט דעמדאָזיקן ענין קלאָרער מאַכן, ווייל אָט די קאַטעגאָריעס זענען בלויז דערפינדונגען פון אַקאַדעמישער לומדות; אויך דאָ איז נויטווענדיק אַ רעוויזיע 1)). דערפון נעמט זיך די געפאַר, אַז די אַלע, וואָס האָבן געלעבט פאַר אונז, באַטראַכטן מיר אַלס אונזערע אבות, די אבות גופא באַטראַכטן מיר פאַר אָפּגע-שטאַנענע, און אַ צופעליק אונז באַקאַנטן קליינעם צייט-אָפּ-שניט האַלטן מיר פאַר אַ גאַנץ און אָפּגעשלאָסן בילד. מיר וואָלטן באַקומען אַ מער ריכטיק בילד פון דערווירק-לעכקייט, ווען מיר וואָלטן באַטראַכט אַלע אונז באַקאַנט-גע-וואָרענע פעלקער טאַקע אַלס צ ײ ט - ג ע נ אָ ס ן, וועלכע זענען אָבער אויך וועלכן נישט אין איפן — נישט קאַוזאַל אָדער צייטלעך — אָפּגעשיידט איינער פון דעם אַנדערן. היות ווי די מענטשהייט איז אַלט לכל הפּחות אַ פּאָר יאָרהונדערט-טויזנטער, מעגן מיר רואיק באַטראַכטן די מענטשן פון די פּאָר נישטיקע יאָרטויזנטער, וועלכע זענען אונז מער-ווייניק באַקאַנט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געלעבט אין איין צייט. עס האַנדלט זיך

---

1) דאָ וויל איך דערמאָנען וועגן דעם גרויסן ווערק פון קאָנסטאַנטין ברונער: „די לערע פון די גייסטלעכע און פון פאָלק". — אויך מוז איך דער-קלערן, אַז ווען נישט די גרויסע אַרבעט פון שפּראַך-קריטיק, געשאַפן פון פריץ מאַוטנער, וואָלטן אַ סך פאָרמולירונגען אין דעמדאָזיקן בוך געווען אַנדערע.

אַלזאָ ביי אונז ביי דער איינטיילונג פון דער געשיכטע נישט אין פאַרשיידענע, אין יסוד פאַנאַנדערגעטיילטע עפּאָכן, נאָר אין פאַרשיידענע באַטראַכטונגס-אופנים אין דעם קליינעם אָפּ-שניט פון דער אונז באַקאַנטער מענטשן-געשיכטע. לויט זעֶר-דאָזיקער איינטיילונג אונטערשיידן מיר:

1. געשיכטע פון פרעמדע פעלקער,
2. געשיכטע פון שכנותדיקע פעלקער,
3. די אייגענע געשיכטע.

די פרעמדן-געשיכטע איז די געשיכטע פון די אַסיריער, פּערסער, עגיפּטער, כינעזער, אינדיער, אור-אַמעריקאַנער א. א. וו. מיר רופן זי אָן פרעמדן-געשיכטע, ווייל עס איז אונז נאָך נישט גענוג קלאָר געוואָרן ביז איצט דער לעבעדיקער צוזאַ-מענהאַנג פון אָט די פעלקער מיט אונז אליין און אויך מיט אונזערע שכנישע פעלקער. דערפאַר טאַקע האָבן די פרעמדע פעלקער נאָך כמעט נישט אויפגעלעבט אין אונזער אייגענער געשיכטע, הגם התחלות פון אַזאַ אינדישן רענעסאַנס זענען שוין דאָ און ווירקן אין אונז, ווי דאָס האָט שוין אין אָנהויב פון 19-טן יאָרהונדערט אָנגעזאָגט פרידריך שלעגעל.

די ש כ נ י ם-געשיכטע איז די געשיכטע פון די יידן, גריכן און רוימער. זיי זענען שכנים פון די פעלקער פון דעם ברייטערן אייראָפּע, זענען אָבער נישט זייערע אבות און אויך נישט זייער לעבנס-מוסטער. די גריכיש-רוימישע פעלקער האָבן ביי זייער ירידה אַריבערגעטראָגן זייער קערפּער און זייער גייסט צו די נייע פעלקער, וועלכע זענען אַנטשטאַנען פון דער פעלקער-פאַרמישונג. דאָס יידישע פאָלק האָט זיי אויך געשענקט אַ געוואַלטיקן טייל פון זיין גייסט, האָט זיך אָבער דערביי נישט פאַרשמאָלצן מיט די נייע פעלקער, ווי די גריכן און רוימער, נאָר האָט זיך פאַמעלעך אין לויף פון די יאָרהונדערטער באַזעצט צווישן זיי און שפּעטער מיטגעמאַכט זייער קולטור-אַנטוויקלונג, ווען אפילו מיט אַ סך זעלבשטענדיקייט. אויך דאָס יידנטום האָט הינטער זיך, ווי פּאַראַ-דאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, זיין קריסטלעכן מיטלאַלטער,

און די יידן פון די לעצטע יאָרהונדערטער מאַכן דורך דעמ-זעלביקן וועג פון ירידה און איבערגאַנג ווי אַלע אַנדערע, גאַנץ גלייך צי זיי וועלן נאָכאַמאָל קומען צו אַ זעלבשטענדיקן פאָלקס-לעבן אָדער נישט. אָבער אונז אינטערעסירט דאָ נישט דער גורל פון די היינטיקע יידן, וועמעס קולטור איז אין אַ פאַרהלומטער פאָרם אַריינגעבראָקט אין דער קולטור פון אַנדערע פעלקער; מיר רעדן דאָ נאָר וועגן דער באַציאונג פון די אַלטע פעלקער צו אונזער אייגענער געשיכטע. פון אָט דעם שטאַנדפונקט זענען די גריכן-רוימער און די יידן נישט די אבות פון אונזער אייגענער געשיכטע. דאָס קריסטנטום אָדער אייראָפּע באַטייט פאַרקערט אַ נייעם אָנהויב: אויסגע-רוטע פעלקער האָבן אין זיך אַריינגענומען גריכישע, רוימישע, יידישע עלעמענטן, האָבן עס פאַרדייט און געשטעלט טריט אין אַ נייער קולטור. די ירידה פון דער גריכיש-רוימישער קולטור, די אַנטשטייאונג פון קריסטנטום ביי די נייע פעלקער (ווייל נאָר דאָ איז דאָס קריסטנטום אַנטשטאַנען) אין צוזאַ-מענהאַנג מיט דער אַזוי-גערופענער פעלקער-וואַנדערונג, דאָס באַטײַט אַ גאַנץ באַזונדערן אָפּשניט פון דער געשיכטע און אַ נייעם אָנפאַנג. אָט די פעלקער באַצייכן איך נישט אַלס מוסטער-פעלקער, ווייל טראָץ אַלע רענעסאַנסן גייען מיר מיט אונזער אייגענעם וועג. אין יעדן רענעסאַנס ווערט די נייע אויפשווימענדיקע אַלטע קולטור ווידעראַמאָל אויסגעזויגן פון דער פ ר י ש ע ר געזונטער לעבנס-קראַפט. דאָס כאַראַקטעריס-טישע אין די אַלע אַזוי-גערופענע רענעסאַנסן איז נישט געווען דאָס גריכיש-רוימישע, נאָר די שטענדיקע ניי-אויפפלאַקערנדיקע געניאַליטעט פון די פעלקער. נישט דאָס קלאַסישע אַלטערטום האָט אונז ווען עס איז געשאַפן נייע כחות, נאָר פאַרקערט, די נייע פרייגעוואָרענע שטורעמדיקע כחות האָבן עס יעדעסמאָל אַריינגעריסן זיך אין די אַלטע קולטורן און געשעפּט אויך פון אַלטערטום נייע זאַפטן.

מיט אַ שאַרפער קלאָרקייט מוזן מיר פאַנאַנדערשיידן דאָס, וואָס די גריכן-רוימער און יידן באַטייטן פאַר אונז,

וועלכע האָבן פון זייערע חורבות און מתנות אויפגעבויט אַ נייע וועלט, און דאָס וואָס זיי האָבן באַטייט אין זייער צייט פאַר זיך אַליין. אין דערדאָזיקער צווייטער היגזיכט דערבליקן מיר אין זיי אַ פעסטע, פאַרטיקע, באַשטאַנד־זיכערע קולטור, וועלכע געהער ניש צו אונז, נאָר שטייט מעכטיק און מאַיעסטעטיש אין דער פרעמדקייט נעבן אונז. פרעמד און פונדעסטוועגן ניש אַזוי ווייט, אַז מיר זאָלן זיי קאָנען צונויפמישן מיט די אויבן־דערמאָנטע גאַנץ־פרעמדע פעלקער. מיר האָבן אַזויפיל איינגעזויגן אין זיך פון זייער בלוט און זייער גייסט, אַז מיר פילן אַזעלכע מענטשן ווי פלאַטאָן, פידיאַס, האָמער, אמת ניש ווי קרובים, אָבער דאָך ווי לעבנס־נאָנטע, הגם זיי שטייען פאַר אונז ווי פאַרענדיקטע געשטאַלטן פון אַ טויטער וועלט. דערפאַר רופן מיר זיי אָן שכנים. אונזער אייגענע געשיכטע שטייט לפנים פון דערדאָזיקער שכנים־געשיכטע אומגעפער אַזוי, ווי אין אונזער היינטיקער מענטשן־וועלט שטייען זיך אַנטקעגן אַלס נאַציאָנאַליטעטן פראַנצויזן און דייטשן: פרעמד, יעדער איינגעשלאָסן אין זיך, אָבער שכנים.

מען מוז נאָך מוסיף זיין (און דאָס ערשט דערקלערט אונז, ווי די עפּאָכן פון רענעסאַנס האָבן זיך אַליין שטענדיק אַזוי ווייניק פאַרשטאַנען), אַז אַן אמתע פאַרשמעלצונג צווישן דער גריכיש־רוימישער און אונזער אייגענער וועלט האָט גע־קאָנט פאָרקומען נאָר איינמאָל, אָט טאָקע נאָר צווישן דער גריכיש־רוימישער ירידה־צייט און דער פרישקייט און געזונט־קייט פון די אויסגערוטע, ניי־דערוואַכנדיקע פעלקער. אָדער בעסער געזאָגט: די נייע פעלקער מיט זייער נייער, פרימיטיוו זיך אָנהויבנדיקער קולטור זענען אַנטשטאַנען פון אָט דער ירידה, פון אָט דער געזונטער קראַפט און פון דער פאַרמי־שונג פון די בלוטן פון דיביידע אַרטן פעלקער; — מיר קאָנען זיך גאָר אַנדערש ניש פאַרשטעלן די אַנטשטייאונג פון נייע פעלקער, דעם סוף און דעם אָנהויב פון קולטורן, סיי אין די פריערדיקע, סיי אין די קומענדיקע צייטן. פאַרקערט, די רענעסאַנסן, וועלכע האָבן יעדעסמאָל געוואָלט צוריקקערן

זיך צו די העכסטע שטופן פון דער אָפּגעשטאָרבענער און פאַרברויכטער גריכיש-רוימישער קולטור, זענען געווען אקאַ-דעמישע היסטאָרישע טעותן, וועלכע מען קאָן נאָר פאַרגלייכן מיט דעם אייביקן טעות פון די דייטשישע קיסרים, וועלכע האָבן תמיד געגלויבט, אַז זיי פירן נאָך ווייטער די רוימישע קולטור און דעם רוימישן שטאַאַט. די מענטשן פון יענער צייט זענען געווען גערעכט, בעת זיי האָבן זיך נישט געפילט אַלס פינסטערער מיטלאַלטער, בכלל נישט אַלס פּאַרמיטלער און צווישן-גלידער; אָבער זיי זענען געווען נישט גערעכט, ווען זיי האָבן אָפּטמאָל נישט געשפּירט דעם טיפן תהום, וועלכער האָט זיי אָפּגעשיידט פון דער רוימישער קולטור. אין דער אמתן איז דער קייזער געווען אַ רוימישער קייזער נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל ער האָט זיך געמאַכט אָפּהענגיק פון רוימישן פּויפּסט. די גריכן און רוימער זענען אונזערע שכנים, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט פאַר זיך ביזן סוף זייער אייגענעם וועג. עס קומען אָפּטמאָל צייטן, בעת עס איז באַ-זונדער ווערטפול, אַז מיר זאָלן צוריקבליקן אויף די ענלעכע אָפּשניטן פון יענער פרעמד-שכנישדיקער קולטור, אָבער עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צוריקצוקערן זיך צו איר אָדער זי נישט איז צו דערוועקן די טויטע און אָפּגעשלאָסענע קול-טור. דאָס, וואָס מען רופט-אָן אין אַ באַזונדערן זין רענעסאַנס, איז דער אויפקום פון דעם באַראָק-סטיל, נעמלעך דאָס דער-וואַכן פון אינדיווידואַליזם און פּערסאָנאַליזם אַלס פּראָטעסט קעגן דער געבונדנקייט פון מיטלאַלטער, אָבער לחלוטין נישט דאָס ווידערדערוואַכן פון דער גאַנצער גריכיש-רוימישער וועלט, וועלכע האָט אונז געבראַכט אַ טויטע געלערנטע-שפּראַך (דאָס מיטלאַלטערלעכע לאַטיין איז געווען לעבעדיק, דערפאַר טאַקע נישט קלאַסיש), אַ טויט רעכט-סיסטעם און דעם טויטן אַריסטאָטעל (אויך אַריסטאָטעל איז אַמאָל געווען לעבעדיק). איך טרעט דאָ נישט אַרויס קעגן דער גרויסאַרטיקער נייער וויסנשאַפט וועגן יענער פאַרזונקענער וועלט; איך טרעט אַרויס קעגן די פּרוון פון די הומאַניסטן, יענע וועלט ווידער לעבעדיק

צו מאַכן, דאָס הייסט דאָס לעבעדיקע טויט צו מאַכן. ס'איז געגוג, למשל, נאָר צו זען, ווי אַזאַ הערלעכער מענטש ווי פאַראַצעלזיוס, וועלכער האָט זיך באמת באַפרייט פון גייסטיקע קייטן און האָט מיט זיין זאַפטיקער נשמה געפונען דעם וועג אויך צו דער נאַטור און נאַטור-פאָרשונג, שטעלט זיך אַנטקעגן דער פאַרשימלטער ביכער-לומדות פון דידאָזיקע הומאַניסטן. און ווער עס איז באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון די אינדוק-טיווע וויסנשאַפטן, דער ווייס, אַז זיי זענען אַנטשטאַנען נישט אַ דאַנק דער אויפלעבונג פון די גריכן און רוימער, און אַז בכלל טראָגט די עכטע צייט פון רענעסאַנס אין זיך אַ סך מער פון דעם ריינסטן און טיפסטן מיטלאַלטער, איידער פון אַלטערטום. אויף דעמדאָזיקן געביט מוז מען נאָך אַ סך זאַכן איבערקוקן און בעסער פאַרשטיין; מען האָט דאָך אפילו געוואָלט צורעכענען צו דעם רענעסאַנס אַזעלכע פולשטענדיק-מיטלאַלטערלעכע מענטשן, ווי אַ דאַנטע אָדער ניקאָלאַאוס קוזאַנוס. מען האָט בכלל די טענדענץ אַלץ, וואָס מען האַלט אין מיטלאַלטער פאַר לעבעדיק און ווערטפול, צו באַטראַכטן אַלס פאָרשטופן פון רענעסאַנס, באַזונדער אין די ראָמאַנישע לענדער.

מיר וועלן שפּעטער זען, אַז די אָרדענונג פון דעם אַזוי גערופענעם מיטלאַלטער, פון דערדאָזיקער ביז איצט איינציקער בליאונגס-צייט פון אונזער אייגענער געשיכטע, איז געווען אַ סינטעז פון פרייהייט און געבונדנקייט, — פונקט ווי יעטוועדע הויכע קולטור באַשטייט פון אַזאַ סינטעז. בעת אָבער די גע-בונדנקייט האָט זיך אין איין אָרט פאַרשטיינערט און אין אַן אַנדער אָרט אויפגעריסן, בעת זי האָט אומעטום אָנגעהויבן צו פאַרלירן איר זין און איר קדושה, האָט זיך דערלאַנגט אַ הויב די פרייהייט, האָט געפירט צו דער מאַכט און גע-ניאַליטעט פון דער פּערזאָן, צו הפקרות און געוואַלט. אָט דאָס איז עס, וואָס מען רופט אָן קודם כל רענעסאַנס; דאָס איז אָבער נישט געווען אַ צוריקקער צו די גריכן און די רוימער, נאָר אַ ירידה פון אַ קולטור-הויך, אַן איבערגאַנג און

אַ זוכעניש פֿון נייע פֿאָרמען. פֿון אָט דער ירידה און פֿון אָט דער ניי-אויפֿשטייגנדיקער פֿרייהייט פֿון דער פּערזאָן, פֿון אָט דעמדאָזיקן פֿריי-ווערן פֿון סאָציאַלע און גייסטיקע קייטן, האָט זיך געשאַפֿן שפּעטער דאָס, וואָס נעמט אָן אַ קלאָרערע געשטאַלט בײַ דער אַזוי-גערופֿענער רעפֿאָרמאַציע און וואָס איך רוף אָן רעוואָלוציע: אונזער וועג, אויף וועלכן מיר גייען נאָך איצט.

אַזוי אַרום איז אונזער אייגענע געשיכטע — די געשיכטע פֿון די פֿעלקער פֿון אייראָפּע אָדער פֿון די קריסטלעכע פֿעלקער, וועלכע איז ציימלעך פֿאַרבונדן מיט דער געשיכטע פֿון די מיטל-ים-פֿעלקער. אָט די געשיכטע רופֿן מיר פּשוט אָן אונזער אייגענע, ווײַל זי איז נאָך נישט פֿאַרענדיקט. די באַצייכענונג קריסטלעכע פֿעלקער קאָנען מיר רואיק באַנוצן אויך פֿאַר אונזערע צייטן, אויב מיר וועלן דערבײַ נישט פֿאַרגעסן, אַז די דאָזיקע היינטיקע פֿעלקער האָבן לחלוטין נישט מער צו טאָן מיט דעם קריסטנטום. אונזער אונטערזוכונג וויל טאַקע באַווייזן, אַז די איינציק-גרויסע תּקופֿה פֿון אונזער אייגענער געשיכטע, וועלכע האָט געפֿירט צו דעם העכסטן שטאַפּל פֿון קולטור, איז די קריסטלעכע תּקופֿה, וועלכע מען רופֿט-אָן געוויינלעך מיטלאַלטער. דידאָזיקע עפּאָכע פֿון קריסטנטום איז שוין אָבער אַוועק, און צו אַ נייער רו, אַ נייער סטאַבילקייט, צו אַ נייער הויך פֿון די פֿעלקער זענען מיר זינט דעמאָלט נאָך נישט געקומען. ערשט ווען עס וועט אַמאָל קומען צו דער נייער הויך, וועלן די מענטשן קאָנען פֿאַרשטיין, ווי טיף עס איז די גרענעץ, וועלכע שיידט-אָפּ, זינט דעם רענעסאַנס און רעפֿאָרמאַציע, די קריסטלעכע תּקופֿה פֿון דעם, וואָס האָט נאָך נישט קיין נאָמען.

לויט אונזער געפֿיל זענען מיר ענג פֿאַרבונדן מיט דער מיטלאַלטערלעכער תּקופֿה, ראשית כּל אין קעגנזאַץ צו דער גריכיש-רוימישער מענטשן-וועלט. אַז מיר זאָלן נעמען וועלכעס נישט איז בילד פֿון דער צייט פֿון קריסטנטום, אַ וועלכע נישט איז פֿון שפּיין אויסגעהאַקטע מענטשן-געשטאַלט אָדער אַן

אָרגאַמענט פון אַ גאָטישער קירך און מיר וועלן פאַרגלייכן דידאַקטיזע פרימיטיווע קונסט מיט אַ קלאַסישן מייסטערווערק פון די גריכן; אָדער אַז מיר וועלן זיך דורכגיין, למשל, דורך דעם בייערישן נאַציאָנאַל־מוזעאום אין מינכען און אַריינ־טאָן זיך אין די כּלים און אין דער אינערלעכער איינריכטונג פון די הייזער פון דער קריסטלעכער צייט; אָדער אַז מיר וועלן פאַרגלייכן די געשטאַלטן פון אַ מיטלאַלטערלעכער מיסטעריע מיט די גרויסע מאַסקעס פון אַ גריכישער טראַגעדיע, אָדער די דייטשישע העלדן האַגען און זיגפריד מיט אָדיסעאוס און אַכילעס, — אומעטום וועלן מיר אַרויסגעפינען אין דער קריסטלעכער מענטשן־וועלט אַ שטיק פון אונזער נשמה, ביי די קלאַסיקער אָבער — דעם גרויסאַרטיקן טויט און די שטייפע פרעמדקייט.
דאָס, וואָס דער ראַציאָנאַליזם און סקעפּטיציזם זאָגן בנוגע דער אמונה און דער רעליגיע פון דער קריסטלעכער צייט, דאַרף אונז דאָ ביי דעמדאָזיקן איבערבליק נישט שטערן און נישט באַאיינפלוסן. ראַציאָנאַליזם און סקעפּטיציזם, וועלכע דערקלערן: דאָס איז נישט..., זענען עטאַפּן פון אונזער וועג, וואָס פירט פון דעם קריסטנטום אַוועק. דאָס קריסטנטום האָט בשעתו דער־קלערט: דאָס איז..., און דאָס האָט געגעבן דעם צוזאַמענלעבן פון די מענטשן אַ זין און אַ קדושה; עס איז געווען אַ פאַנטאַזיע. איך רעכן, אַז לויט אונזער קענטעניש פון דער פריערדיקער געשיכטע, און נאָך מער לויט דער קענטעניש פון אונזער אייגענעם מענטשלעכן מהות, קאָנען מיר רואיק דערקלערן, אַז אַלע גרויסע באַוועגונגען פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן האָט געפירט פאָראויס אַ פאַנטאַזיע, אַז די מענטשן זענען שטענדיק געווען פאַרבונדן נאָר דורך אַ פאַנטאַזיע, אַז נאָר אַ פאַנטאַזיע האָט די אינדיווידועז שטענדיק צוזאַמענגעפאַסט צו העכערע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען און געמיינשאַפטן. דאָס, וואָס עס גיט שטיצע און קראַפט אונזער פריוואַטן און פאַמיליע־לעבן — די ליבע — איז פונקט אַזוי אַ חלום, ווי יענע פאָרם פון לעבעדיקער, לעבנשאַפנדיקער ליבע, וועלכע איז אַמאָל דורכ־געלעבט געוואָרן אַלס קריסטנטום. עס זענען שטענדיק געווען

געגנוג סקעפּטיקער, וועלכע האָבן געהאַלטן די פּריוואַטע גלויבנס-פאָרשטעלונגען פון דער סעקסועלער ליבע פאַר אַן אומזין, און אירע פאָלגן — פאַר אַ בלוטיקע, מערדערלעכע און פאַטאַלע זאַך. זיי זענען געווען פונקט אַזוי גערעכט ווי מיר, די סקעפּטיקער, וועלכע קריטיקירן די אמונה פון מיטלאַלטער, געפינענדיק זיך אויפן וועג צו אַ נייער פאַנטאַזיע. אָבער דאָס ענדערט לחלוטין נישט דעם פאַקט, אַז ליבע איז ליבע און אַז די פעלקער פון דער קריסטלעכער תקופה האָבן זיך געפילט זיכער און גליקלעך אין דער פאָרם פון זייער ליבע. אַזוי זאָגט אונז די דערפאַרונג, די גערעכטיקייט און אויך די בענקשאַפט, בענקשאַפט נישט נאָך דערזעלביקער פאַנטאַזיע, וועלכע איז נישט מער מעגלעך, נאָר נאָך אַ נייער פאַנטאַזיע, — מער נישט, וואָס מיר באַוואָרענען זיך דאָס רעכט צו באַקעמפן יעדן חלום מיט וואָפן אָדער חוזק, ווייל קיין איינציקער פון זיי באַהערשט אונז נישט אינגאַנצן.

אָבער די מענטשן פון דער קריסטלעכער וועלט זענען געווען טאַקע באַהערשט פון אַ חלום, באַהערשט פון נשמה און יראת הכבוד און פון די מעטאַפיזישע חזיונות וועגן דעם זין פון דער וועלט, וואָס שטייגט אַריבער דאָס ערדישע לעבן און דערפאַרונג. מען דאַרף נאָר לייענען, למשל, ביי אויגוסטינען, ווי די הויך-געבילדעטע פילאָזאָפן פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין קינדער, גלענצנדיקע רעדנער — אין שטאַמלער, הויכע רוימישע מלוכה-באַאַמטע און שררות — אין נזירים און אַסקעטן. אָט די מענטשן זענען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם גלויבן, און דאָס קריסטנטום איז די באַזונדערע פאָרם פון דעם גלויבן, אַז דידאָזיקע וועלט איז נישט קיין ווירקלעכקייט, אַז אונזער לעבן האָט אַ זינען און אַ ציל, וואָס דערהויבן איבער דאָס ערדישע לעבן, איבער דאָס וועלטלעכע און מאַטעריעלע. די באַזונדערע פאָרם פון דערדאָזיקער פלאַטאָנישער לערע האָט געבילדעט דער סימבאָל פון דער דריי-איינציקייט, לויט וועלכן דער גייסט (דער הייליקער גייסט), דער אור-יסוד פון אַלע זאַכן (דער פאָטער) און דער

געשאַפענער מענטש (דער מענטשן-זון) זענען איינס און דאָסזעלבע. אָבער, כדי באַהערשט צו ווערן, נויטיקט זיך דאָס פאָלק נישט נאָר אין אַ סימבאָל. געפיל און פילאָזאָפיע, נאָר קודם כל אין אַ געשעעניש, אַן אַנעקדאָט, אַ ביישפיל, אַן עפּאָס. דערפאַר איז מיט דעם קריסטנטום אַלס פאָלקס-רעליגיע געווען ענג פאַרבונדן די דערציילונג וועגן דעם איין באַזונדערן מענטשן-זון, וועלכער איז געווען גאָטס זון און האָט פאַרקערפערט און פאַרגייסטיקט אין זיך מענטש און גאָט. דערצו איז נאָך דער הימל געווען פול מיט מחנות פון מלאכים און די ערד פול מיט משרתים און קדושים, אַסקעטן און נזירים, וועלכע האָבן נאָך ביים לעבן, פונקט ווי די אינדישע פאַקירן, אָפּגע-זאָגט זיך פון מאַטעריע, זאַכן, ווונשן און האָבן אַזוי אַרום, אַ דאַנק דער טיפסטער אויסליידיקונג, דערגרייכט צו דער גרעסטער טיפקייט פון דעם סוד און צו דער התדבקות מיט גאָט. סודותפול, איינגעהילט און פאַרבאָרגן אין דעם לעגענדן-מאַנטל, האָט זיך געטראָגן אַזאַ לערע אין איר פולער ריינקייט דורך די צייטן, אַ לערע וועגן דעם, אַז מענטשן ווערן גאָט און פאַרזינקען רוימלאָז און צייטלאָז אין דעם תהום פון דעם בראשית, בעת זיי ווערן פאַרגייסטיקט.

אָט דאָס איז, קאָנצענטרירט אין אַ קורצער פאָרמול, דער גייסטיקער אינהאַלט פון דער דאָגמע און פון דעם מיטאָס פון די קריסטלעכע פעלקער. אַזעלכע לערעס און מעשיות, אַרומגעהילט מיט כלערליי משונהדיקע נסים ונפלאות, אָבער-גלויבישע באַריכטן און אַ ווילדן געמיש פון מיסטיק און מאַטעריאַליזם, וואַקסן זיך פאַנאַנדער אין אַן אַלטער, פאָלנדי-קער, מיד-געוואָרענער קולטור. די העכסטע גייסטיקע באַדער-פעניש פון די אין פאַסיוויטעט פאַרזונקענע מענטשן מישן זיך דאָ צונויף מיט די פאַרביטערטע זוכענישן פון הילף מצד די פאַרשטויסענע פאָלקס-שיכטן. אַ פלאַטאָן, אַן אַריסטאָפאַן, אַ פעריקל וואָלטן זיך אָבער אָפּגעטרייסלט מיט דעם טיפסטן, כמעט פיזישן עקל פון אַזאַ מין ווערים-נעסט און אַזאַ פאַר-שטיקטער היץ, פון אַזאַ מישמאש פון יאוש און עקסטאַז, נויט

און סנאָביזם. אָבער אַ גאַנץ אַנדערע באַדייטונג באַקומט אַזאַ מין פאַרפוילעגדיקער פּראָדוקט פון ירידה, ווען ער קומט אין באַרירונג מיט פרישע אויסגערוטע פעלקער, וואָס זענען פול מיט לעבנס-כּחות און שאַפנדיקער בויענדיקער ענערגיע. דעמאָלט איז דאָס פונקט אַזוי, ווי בעת דאָס מיסט באַהעפט זיך מיט דער ערד.

אַ גרויסע קולטור דערגרייכט איר הויכן שטאַפל יעדעס-מאָל, ווען די פאַרשיידענע געזעלשאַפטס-פאָרמאַציעס, וועלכע באַשטייען זעלבשטענדיק איינע נעבן דער אַנדערער, זענען אַלע צוזאַמען דורכגעדרונגען מיט איין איינהייטלעכן גייסט, מיט אַ גייסט, וועלכער לעבט נישט אין זיי און איז נישט אַרויסגעקומען פון דיזאָזיקע פאָרמאַציעס, אָבער הערשט איבער זיי ווי אַ זעלבשטענדיקע און עפּעס זעלבסטפאַרשטענדלעכע קראַפט. מיט אַנדערע ווערטער: אַ גרויסע קולטור דערגרייכט אַ הויכן שטאַפל יעדעסמאָל, ווען אין דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די אָרגאַניזאַציע-פאָרמען שאַפט זיך אַן איינהייט און אַ איבער-אינדיווידועלער געבוי, אָבער נישט אַלס אַן אויסערלעכע קייט פון געוואַלט, נאָר אַלס אַ גייסט, וואָס לעבט אין די מענטשן און דערהויבט זיי איבער די ערדיש-מאַטעריעלע אינ-טערעסן. מיר האָבן נאָך נישט געפונען דאָס פּאַסנדיקע וואָרט, וועלכעס זאָל באַצייכענען דעמדאָזיקן גייסט פאַר די גריכן; ביי זיי איז ער רעפּרעזענטירט געווען דורך די געטער און דער קונסט. ביי אונזערע פעלקער איז דער גייסט רעפּרעזענ-טירט דורך דעם קריסטלעכן קולט און דעם קריסטלעכן סימ-באָל. איבער דעם פעלד, אויף וועלכן עס האָט שווער געהאָ-רעוועט דער פויער, און איבער די שטעט פון די האַנטווער-קער איז געווען אויסגעשפּרייט די בלויקייט פון דעם הימל: די אייביקייט פון גייסט און די גלייכקייט און די געטלעכקייט פון מענטשן, אויף וויפל זיי באַווייזן אַריינצוטיפן זיך אין דער בלויער אומענדלעכקייט דורך די נשמה-וועגן. די ראָמאַנ-טיקער, ווי למשל נאָוואַליס, האָבן עס דורך אַ טיפן געפיל געוווּסט, אַז בלוי איז די פאַרב פון קריסטנטום, יענע פאַרב,

וועלכע באַטייט אייגנטלעך מער דעם חשק פון אומוויסן, איי־ דער דאָס ליכט פון דערקענטעניש, וועלכע איז אָבער פאַר־ בונדן מיט דער אומענדלעכקייט, צו וועלכער עס ציען זיך אַלע בענקשאַפטן און פון וועלכער עס פליסט אַרויס יעטווע־ דעס ליכט. מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלן אַ בילד פון גאָטס מוטער מאַריאַ, וואָס זאָל נישט זיין ווי נישט איז אַרומגענו־ מען מיט בלויקייט. מען האַנדלט ריכטיק, ווען מען שטעלט זיך פאָר דאָס קריסטנטום ווי אַ פאַרביקע לעבנס־מאַכט און ווען מען ווייס, וואָס פאַר אַ פאַרב עס האָט. וואָס ווייטער מיר שטייען פון קריסטנטום, אַלס דייטלעכער דערזעען מיר, אַז בעת עס איז געווען לעבעדיק, איז דאָס נישט געווען קיין פאַרבלאָזע ליכטיקייט און נישט קיין פינסטערע וואַרטע־ ניש, נאָר אַ מאַגישע בלויקייט. מען דאַרף נישט פאַרגעסן וועגן דעם אויך, בעת מען לייענט די שריפטן פון די דענקער פון יענע צייטן, פון אַ דיאָניסי איבער מייסטער עקאַרט ביז צו ניקאָלאַאוס קוזאַנוס, און בעת מען הערט, אַז דאָס אומוויסן פון דעמאָלט איז געווען די העכסטע מדרגה פון וויסן, אַז דער דעמאָלטיקער אידעאַל איז געווען דאָס איבער־ערדישע און אַפילו איבער־געטלעכע ליכט. אָט צו דערדאָזיקער איבער־ ערדישער ווירקלעכקייט ציען זיך אַרויף אין דער הויך, ווי וואַקסנדיקע ביימער, די שטיינערנע טורעמס פון די קירכן. אָט די ווירקלעכקייט האָט פאַרשאַפט פאַר די מענטשן די באַזונדערע פאָרם פון זייער נשמהדיקייט, בענקשאַפט, ליידנ־ שאַפט און ראַפינירטער סעקסואַל־ליבע. זי האָט באַזעלט זייער פנים, זייער באַנעם און אַלע כלים און פאָרמען, וועלכע זיי האָבן געשאַפן; זי האָט אָנגעפילט אַלע אירע אינסטיטוציעס און סאָציאַלע בנינים מיט אַ געמיינשאַפטס־גייסט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז עס אַ נאַאיווע פאָרשטעלונג, ווען מען מיינט, אַז דאָס קריסטנטום איז אַלס אַ פאַרטיקער געביי מיט תשובות אויף אַלע פראַגן אַראָפּגעבראַכט געוואָרן צו די מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען פוסט און אויסגעליידיקט און האָבן הילפלאָז געוואַרט אויף נבואה און דערלייזונג. וואָלט

דאָס געווען אַזוי, וואָלט געמוזט עקזיסטירן אַ שאַרפע סתירה
צווישן דעם ערדישן, אַקטיוון, פריילעכן לעבן און שאַפן פון
דידאָזיקע מענטשן און דער לעבנס-פיינטלעכער לערע פון
דעם קריסטנטום. אַזעלכע אַבסטראַקטע און אַבסאָלוטע דער-
שיינונגען זענען נישטאָ אין קיין שום ווירקלעכקייט. ביי יעט-
וועדער יונגער באַוועגונג, אומעטום ווו ס'איז נישטאָ קיין
ירידה און אויפלייזונג, איז דאָס ערשטע און דאָס זעלבסט-
פאַרשטענדלעכע דאָס לעבן, וואָס זעצט זיך דורך אין
אָן אַ צאָל פאָרמען און געמיינשאַפטן. בעת דאָס קריסטנטום
איז געקומען צו די נייע פרימיטיווע פעלקער, איז עס דאָך
געקומען צו אַזעלכע, וועלכע האָבן שוין לאַנג געלעבט לויט
זייער טראַדיציע, זייער עבר און אין אָרגאַניזירטע פאַרבאַנדן.
דאָס קריסטנטום האָט פאַר זיי באַטייט נישט עפּעס אַנדערעס
ווי הייליקונג און פאַרגייסטיקונג פון דעם צוזאַמענלעבן, וועלכעס
זיי האָבן געוואָלט פירן מיט אַ פרישער קראַפט ווייטער. דאָס
קריסטנטום איז פאַר דידאָזיקע מענטשן און פעלקער געווען
גאָר דער אמת אין שייכות צו זייער פריוואַטן און געזעל-
שאַפטלעכן לעבן, צו זייער אַרבעטן, וואַקסן און זיך-פאַר-
שפרייטן, וואָס דאָס אַלץ איז ביי זיי שוין געווען די פאָר-
אויסזעצונג און דער יסוד. וואָלט מען דעם מיטגליד פון אַ
האַנטווערקער-גילדע אָדער פון אַ קירכלעכן פאַרבאַנד דעמאָלט
געזאָגט, אַז דידאָזיקע פּאָזיטיווע, אויפבויענדיקע, דאָס לעבן
סטימולירנדיקע פאַרבאַנדן שטייען אין אַ סתירה צו דעם עכטן
גייסט פון קריסטנטום, וואָלט ער עס נישט פאַרשטאַנען; עס
וואָלט מאַקע געווען פונקט אַזאַ מין נאַרישקייט, ווי ווען מען
וואָלט היינט-צו-טאָג פאַרלאַנגט פון אַ מאָדערנעם פיזיקער ער
זאָל במחילה צונויפציילן די אַטאָמען פון זיין קערפער און
פאַנאַנדערלייגן זיי איינצלווייז אויפן טיש. מיט אַנאַליזן, האָר-
שפּאַלטונגען און שכלדיקע אַנטיטעזן קאָן מען קיינמאָל נישט
תופס זיין די רעאַליטעטן פון לעבן.

לאָמיר דאָ נאָכאַמאָל זאָגן: די קריסטלעכע תקופה שטעלט
מיט זיך פאָר אַזאַ מין שטאָפּל פון קולטור, אין וועלכער ד

פאַרשיידענע סאָציאַלע פאָרמאַציעס זענען דורכגעדרונגען מיט אַן אייגנהייטלעכן גייסט און בילדן אַ פרייע פאַרבינדונג פון אַ ריי אָפּגעשלאָסענע און זעלבשטענדיק-עקזיסטירנדיקע קערפערס. אָט דעם פרינציפּ פון מיטלאַלטער באַצייכענען מיר אַלס פרינציפּ פון גלידערונג, להיפּך צום פרינציפּ פון צענטראַליזם און מלוכה-געוואַלט, וועלכער קומט אויף יעדעסמאָל, ווען עס גייט פאַרלאָרן דער געמיינשאַפטס-גייסט. מיר ווילן נישט באַהויפּטן, אַז אין דער קריסטלעכער עפּאָכע איז נישט געווען קיין מלוכה, הגם עס וואָלט געווען זייער ריכטיק, אַז מ׳זאָל דעמדאָזיקן באַגריף נישט אָנווענדן אויף אינסטיטוציעס פון אַ לחלוטין-אַנדערן מהות. אָבער יעדנפאַלס איז דעמאָלט נישט געווען די אַבסאָלוטע הערשאַפט פון אַ מלוכה, ס׳איז נישט געווען קיין שטאַאַט אַלס צענטראַלע פאָרם, וועלכע שטייט איבער אַלע איבעריקע פאָרמען פון דער געמיינשאַפט. עס האָט העכסטנס עקזיסטירט דער שטאַאַט אַלס אַן אומפּולקאָמענע, פאַרקריפּ׳טע פאָרמאַציע נעבן די אַנדערע פאַרשיידנסטע אַרטן פון געמיינשאַפט. אין דעם שטאַאַט זענען נאָר געווען רעשטלעך פון דער רוימישער צייט און קליינע נייע שפּראָצן, וועלכע האָבן באַקומען אַ באַדייטונג ערשט אין דער תקופה פון אויפלייזונג און רעוואָלוציע. די קריסטלעכע עפּאָכע ווערט רעפּרעזענטירט נישט פון דעם סיסטעם פון פעאָדאַליזם, נישט דורך דער דאָרף-גענאָסנשאַפט מיט איר געמיינזאַמען באַזיץ פון ערד און איר געמיינזאַמערווירטשאַפט, נישט דורך דער קירך און דעם קלויסטער, נישט דורך די גילדן, צעכן און ברודערשאַפטן פון די שטעט מיט זייערע אייגענע געריכטן, נישט דורך די זעלבשטענדיקע גאַסן, באַצירקן און קירכלעכע געמיינדעס פון דידאָזיקע שטעט, נישט דורך די פאַרבאַנדן פון די שטעט און די ריטער, — און וויפל נאָך וואָלט מען געקאָנט אויפצייכענען אָט אַזעלכע אָפּגעשלאָסענע און זעלבשטענדיקע פאָרמאַציעס. די קריסטלעכע עפּאָכע איז אָבער כאַראַקטעריסטיש טאַקע דורך דעם גאַנצן ס כ ו ם פון אַזעלכע זעלבשטענדיקע פאַרבאַנדן, וועלכע האָבן דורכגעדרונגען

איינער דעם אַנדערן, האָבן זיך פאַרפלאָכטן איינער מיט דעם אַנדערן און דאָך נישט געבילדעט דעריבער קיין פּיראַמידע אָדער אַ וועלכע נישט איז איינהייטלעכע מאַכט. די פאָרם פון דעם מיטלאַלטער איז געווען נישט שטאַאַט, נאָר געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט פון געזעלשאַפטן. וואָס האָט אָט די אַלע דאָזיקע וווּנדערבאַר און פאַרשיידן דיפערענצירטע פאָרמאַציעס פאַראייניקט און צונויפגעבונדן צו אַ העכערער איינהייט, צו אַ פּיראַמידע, וואָס איר שפּיץ האָט זיך פאַרלאָרן אין די העכסטע הויכן און איז דעריבער נישט געווען קיין ממשלה? דאָס איז געווען דער גייסט, וועלכער האָט אַרויסגעשטראָמט פון די כאַראַקטערן און די נשמות פון די מענטשן, האָט זיך אַריינגעזאַפּט אין די אַלע דאָזיקע פאָרמאַציעס און האָט אין אַ פאַרשטאַרקטער מאָס ווידער געשטראָמט צוריק צו די מענטשן.

ס'איז דאָ אַ קריטעריע אויף אָפּצושאַצן, צי אַ באַשטימטע צייט האָט דערגרייכט דעם העכערן שטאַפּל פון קולטור, צי נישט, — און דאָס זענען שטענדיק די קונסטן. אין אַ צייט פון אַ קולטור-בליאונג זענען די קונסטן לויט זייער מהות סאָציאַל און נישט אינדיווידועל, גרופּירן זיך אַלע און זענען פאַראייניקט עפּעס ווי אַרום אַ געוויסן מיטלפּונקט, זענען בשום אופן נישט איזאָלירט, זענען ראשית כל רעפּרעזענטאַנטן פון דער עפּאָכע און פון דעם פאָלק. אין די צייטן פון אויפלייזונג, פון איבערגאַנג אָבער זענען די קונסטן פּראָדוקטן פון איינצלנע, פאַראיינזאַמטע, געניאַלע נאַטורן און ציען זיך צו דער צוקונפט אָדער צו עפּעס אַ געהיימען, נישט-פאַראַנענעם פאָלק. אַזאַ מין תקופה פון רייכקייט האָט געבאָרן די קלאַסישע קונסט פון די גריכן, און אויך די קונסטן פון דער קריסטלעכער וועלט געהערן צו אַ צייט פון אַזאַ מין טיפקייט. די סקולפּטור און די מאָלעריי פון מיטלאַלטער איז געווען עגג פאַרבונדן מיט אַרכיטעקטור, איז געווען בוי-קונסט גופא, וועלכע האָט אַנטפּלעקט די בענקשאַפט און די רייכקייט פון איר צייט. להיפּך צו אַזאַ כמעט אַנאָנימער קאָלעקטיוו-קונסט איז פאַר אונזער קונסט כאַראַק-

טעריסטיש די בענקשאַפט פון טאַלענטירטע אינדיווידועןצו אַנטלויפן פון זייער צייט. פאַר דער קריסטלעכער עראַ איז די בוי־קונסט, וועלכע איז געוואַקסן אין דער הויך פון דעם בנין פון דער געזעלשאַפט, געווען דער סימבאָל פון פאַראייניקטער און לעבעדיקער פאָלקס־קראַפט. אונזער תקופה, פאַרקערט, ווערט רעפּרעזענטירט דורך דער סאַמע אינדיווידועלער, מעלאַנכאָלישער און יאָמערנדיקער קונסט, דורך דער מוזיק, — און דאָס איז אַ סימבאָל פון דעם אונטערדריקטן פאָלקס־לעבן, פון ירידה פון דער געמיינשאַפט, פון פאַראייניזאַמונג פון דעם גתניוס. ביי אַ גאַנץ אַנדערער געלעגנהייט האָט מען אַרכיטעקטור אָנגערופן פאַרפראָרענע מוזיק; אָבער אין דער היסטאָרישערווירקלעכקייט האָט זיך די מוזיק אַנטפּלעקט ווי אַן אויפגעלייזטע, צעגאַנגענע, צעפלאָסענע, נאָר אינדיווידועל־זעלישע דערשיינענדיקע בוי־קונסט. די אַרכיטעקטור רעפּרעזענטירט אַ ווירקלעכקייט, די מוזיק איז אַ מקום מקלט פאַר דעם היימלאָזן און אַ בענקשאַפט נאָך אַ נייער ווירקלעכקייט. מינכהויזען, דער דערפינדער, וועלכער באַזיצט נישט קיין עכטע ווירקלעכקייט, נאָר אַ וועלט פון פאַנטאַזיע און פון איינזאַמקייט, איז דער טיפּ פון אונזער צייט און אונזערע קינסטלער. דאָס, וואָס ער האָט געטאָן בעת ער האָט אויפגעבויט זיין פאַבריק פון לופטיקע שטיינער, טוט אויך די מוזיק; ווייל אויב די אַרכיטעקטור בויט אויף בנינים פון שטיינער, טאָ בויט אויך די מוזיק הערלעכע פּאַלאַצן און הויכע שטאָלצע טעמפּלען: אָבער פון באַוועגלעכער לופט.

די פּלאַסטיק און די מאָלעריי האָט מען אין דער קריסטלעכער עפּאָכע נישט געקאָנט אָפּטיילן פון דער אַרכיטעקטור, פון די קירכן, די ראָטהויזער, די פּלעצער און גאַסן; זי האָט פאָרגעשטעלט דעמאָלט די געזעלשאַפט, דאָס פאָלק אין זיין גאַנצער גלידערונג און אין זיין פאַרבינדונג מיט דעם גייסטיק־דערהויבענעם פּרינציפּ. שפּעטער אַביסל האָט זיך די מאָלעריי און די פּלאַסטיק אָפּגעטיילט פון דער גרויסער בוי־קונסט, איז געוואָרן אַן אויסדרוק נאָר פון געניאַלע פּערזענלעכקייטן,

האָט אָבער נאָך לכל הפחות באַפּוצט די חדרים פון דער „געזעלשאַפט", פון די פירשטלעכע, הויפישע, אַריסטאָקראַטישע און בירגערלעך-רייכע קרייזן. היינט-צו-טאָג האָט זיך די סקולפּטור שוין כמעט אינגאַנצן אָפּגעשיידט אויך פון דער חויזונג פון די פּריוואַט-מענטשן; דאָס בילד און די פיגור זענען, ווי אַ געדיכט, אָפּגעשלאָסן אין זיך, זיי זענען אַ פּראָ-דוקט פון דעם שאַפער, אָן וועלכער נישט איז שייכות צו די געניסער. די קונסט איז שוין מער נישט דער אויסדרוק פון די, פאַר וועלכע זי איז געשאַפן געוואָרן, נאָר פון די, פון וועלכע זי שטאַמט. בעת אין די צייטן פון הויכער קולטור האָט מען קוים געקאָנט אָפּטיילן דעם געבער און דעם נעמער, דעם קינסטלער און דעם עולם, הגם פּראָדוקטיוו-געניאַל זענען נאַטירלעך אויך דעמאָלט געווען נאָר אַ קליינע צאָל מענטשן, זענען זיי איצט אויף אַזוי חייט אָפּגעשיידט איינער פון דעם אַנדערן, אַז די קונסט פאַרנעמט נישט אין דער געזעלשאַפט אַפילו קיין אויסערלעכן פּלאַץ. עס האָט געמוזט צוליב דעם געשאַפן ווערן אַ ספּעציעל אָרט פאַר דער קונסט: דאָס מ ו ז ע א ו ם.

נישט אַנדערש איז עס מיט דער פּאָעזיע. אין דער קריסטלעכער עפּאָכע איז זי געווען אומעטום, ווו נאָר מענטשן פלעגן זיך צונויפקומען: אין דער קירך, אין ראָטהויז, אין דער פאַרזאַמלונג, אונטערן פרייען הימל, אויפן מלחמה-פעלד, ביי דער אַרבעט, אין די פעסטונגען פון די ריטער און אויף די הויפן פון די פירשטן. איצט איז די דיכטונג פאַראַן נאָר דאָרטן, ווו דער מענטש פאַרבאַהאַלט זיך אין דער איינזאַמ-קייט: אין בוך. אָדער מ'קומט זיך צונויף ספּעציעל צוליב דער דיכטונג אַליין. דעמאָלט האָט זיך די פּאָעזיע אַריינגע-וועבט אין דאָס לעבן, היינט איז דאָס פאַרקערט: אין זעל-טענע פאַלן, ביי גאַנץ באַזונדערע געלעגנהייטן, שטופּט מען אָפּ דאָס לעבן אָן אַ זייט, כדי זיך אָפּצוגעבן אַ פרעמדן עלעמענט, דעם דיכטער. אַביסל אַנדערש איז דאָס מיט דער דראַמע. אמת, אַלץ וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן די

אַ דערע קונסטן און באַזונדערס ווען דער דיכטונג, גילט אויך בנוגע דעם טעאַטער פון די קריסטלעכע פעלקער און זייער מיסטעריען-דראַמע. איז דאָך די מיסטעריע געווען אַ פאַרבינדונג פון דעם וועלטלעכן לעבן מיט דעם רעליגיעזן קולט, וועלכער האָט גופא אומעטום דערהויבן זיך צו דעם פייערלעך-דראַמאַטישן פאַטאָס. אָבער די דראַמע אַלס אַזעלכע האָט נישט דערגרייכט אין מיטלאַלטער איר העכסטן פונקט. דאָס איז געשען ערשט שפּעטער אין דער משונהדיקער אַריס-טאָקראַטיש-בירגערלעכער סביבה פון ענגלאַנד ביי דעם אויס-גאַנג פון מיטלאַלטער. די גרויסקייט פון שעקספּיר און די איינציקע זעלטנהייט פון זיין שאַפן שטאַמט טאַקע דערפון, וואָס ער געפינט זיך גלייכצייטיק אין ביידע לאַגערן: ער איז שוין אינגאַנצן דער אינדיווידועלער זשעני אין דער איינזאַמקייט און דער אָפּגעריסנקייט פון פאָלק, און ער איז דערביי נאָך אינגאַנצן דער אין פאָלק פאַרוואָרצלטער פאַר-טרעטער פון פאָלק און געזעלשאַפט. נאָך איינער קאָן פאַר-גליכן ווערן מיט אים און פאַרנעמט פונקט אַזאַ אייגנאַרטיקע שטעלונג צווישן די קולטורן: דאָס איז יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך, וועמעס מוזיק דערהויבט זיך ווי אַ קרוין און אַ קופּאָל איבער אַ מענטשן-פאָלק און וועלכע הענגט גלייכצייטיק פריי אין דער לופט, ווייל דער בנין אונטן איז חרוב געוואָרן.

אויב מען וויל די קונסט פון יענער צייט פאַרשטיין פון דעם געמיינשאַפטס-לעבן און דאָס דעמאָלטיקע פאָלקס-לעבן אַרויספירן פון דער קונסט, מוז מען תמיד האָבן פאַר די אויגן די ווערטער, וועלכע עס האָט פּראָקלאַמירט אַ מיטלאַל-טערלעכער געמיינדע-ראַט פון פלאָרענץ: „די געמיינדע זאָל נישט אָנהויבן בויען קיין שום בנינים, חוץ אַזעלכע, וועלכע זענען פּראָיעקטירט אין הסכם מיט דעם גרויסן הארץ פון דער געמיינדע, וועלכע וואַקסן אַרויס פון דעם הארץ פון אַלע בירגער,

וואָס זענען פאַראייניקט אין איין געמיינזאַמען ווילן" 1). אָט דערזעלביקער גייסט האָט אויפגעבויט די גרויסע ווערק פון דער קריסטלעכער קונסט (זי מוז הייסן קריסטלעך אָנשטאָט דעם אומזיניקן וואָרט גאָטיש) און די געזעלשאַפטן פון דער קריסטלעכער וועלט. דערפון קומט עס, אַז בעת עמעצער וויל דערקלערן פון אַ פיזיקאַלישן שטאַנדפונקט די גלידערונג און די מעכאַנישע געוויכטן-פאַרטיילונג פון אַ דעמאָלטיקער קירך, גיט ער בשעת מעשה אויך אַ בילד פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. דער ענגלענדער אואיליס שרייבט למשל: „ס'איז אויפגעקומען דעמאָלט אַ נייע דעקאָראַטיווע קאָנסטרוקציע, וועלכע האָט נישט באַקעמפט און נישט געשטערט די מעכאַנישע קאָנסטרוקציע, נאַר האָט איר צוגעהאָלפן און געמאַכט זי האַרמאָניש. יעטוועדעס גליד און יעטוועדער שטיין ווערט דאָ אַ טרעגער פון דער מאַסע; אַדאַנק דער פּילצאָליקייט פון די סלופּעס, וועלכע האָבן געשטיצט איינער דעם אַנדערן, און אַ דאַנק דער דערמיט-פאַרבונדענער האַרמאָנישער פאַרטיילונג פון דער געוויכט-מאַסע, איז דאָס מענטשלעכע אויג געווען באַגייסטערט פון דער פעסטקייט פון דעם בנין, נישט געקוקט אויף דעם משונהדיק-מאָגערן אויסזען פון די איינצלנע טיילן". דער וויסנשאַפטלער האָט דאָ געוואָלט פשוט שילדערן דעם מהות פון דעם קריסטלעכן בוי-סטיל, אָבער בעת ער האָט געשילדערט דעם עכטן תמצית פון דעמדאָזיקן סטיל, האָט ער מיט זיינע ווערטער, אָן אַ שום כונה, געצייכנט אויך דאָס בילד פון יענער געזעלשאַפט: פרייהייט און געבונדנקייט, פּילצאָליקייט פון די סלופּעס, וואָס שטיצן איינער דעם אַנדערן. די בוי-קונסט פון יענער הויך-שטייענדיקער צייט איז געווען אַ קאָנצענטרירונג און אַ סימבאָל פון יענער געזעלשאַפט.

1) דעם ציטאַט נעם איך אַרויס פון דעם בוך פון קראָפּאָטקין וועגן דער קעגנזייטיקער הילף... וועלכס איך האָב איבערגעזעצט. ווער עס וויל נישט שטודיר אַ סך געשיכטלעכע ווערק און מאָנאָגראַפיעס, וועט דאָ געפינען אַ גוטע צוזאַמענשטעלונג פון פאַקטן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מיטלאַלטער.

איזאָלירטע אינדיווידוען זענען בכלל קיינמאָל נישט
געווען; די געזעלשאַפט איז עלטער פון דעם מענטש. נאָר
אין די צייטן פון אויפלייזונג, פון ירידה און איבערגאנג איז
עס מעגלעך געווען צו שאַפן עפּעס אַזוינס, ווי איזאָלירטע
און אַטאָמיזירטע יחידים: אַרויסגעשטויסענע מענטשן, וועלכע
ווייסן נישט, וואוהין זיי געהערן. אויב עמעצער האָט זיך אין דער
קריסטלעכער עפּאָכע אויפגעכאַפּט צום לעבן, האָט ער עס
געטאָן נישט נאָר אין גדר פון אַ פאַרשוואומענעם כלל אָדער
פון דער קלייניטשקער געמיינשאַפט פון דער פאַמיליע. ניין,
ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַ סך גרופּירונגען און קאָר-
פּאָראַציעס, וועלכע האָבן זיך דורכגענומען איינע די אַנדערע
און זענען פאַרבליבן יעטוועדע זעלבשטענדיק פאַר זיך. אַלס
שטאָט-מענטש איז ער געווען אַ מיטגליד פון זיין זעלב-
שטענדיקער גאַס, דערנאָך פון זיין סעקציע אָדער שטאָט-קוואַרטאַל,
און לסוף פון דער שטאָט-געמיינדע אַלס גאַנצעס. וועגן די
לעבנס-מיטלען, וועלכע פלעגן אָנקומען פון דאָרף אָדער פון נאָך
ווייטער (וועגן זאַלץ און תבואה, ראשית כל) האָט געזאָרגט
די שטאָט דורך אירע איינקויפער אָדער דורך פעסט-באַשטימ-
טע מאַרק-פאַראָרדענונגען, וועלכע האָבן נישט צוגעלאָזן צו באַ-
עולהנען דעם עולם דורך די קרעמער. ער איז געווען אַ מיט-
גליד פון דער גילדע, וועלכע האָט געמיינשאַפטלעך איינגע-
קויפט דעם רוי-מאַטעריאַל און האָט אָפט געמיינשאַפטלעך
פאַרקויפט ד' פּראָדוקטן. דאָס געריכט פון דער גילדע, פון
זיינע אַרבעטס-גענאָסן האָט אים געמשפּט, ווען עס פלעגט קומען
צו אַ שטרייט אָדער אַ פעלער; מיט דער גילדע צוזאַמען
פלעגט ער גיין אין קאַמף און פלעגט דערשיינען אין דער
קהלשער פאַרזאַמלונג. פלעגט ער מאַכן אַ רייזע אויף אַ שיף,
פלעגט זיך דאָ תיכף סטיכיש בילדן אַ שיף-גילדע, ווי עס
ווערט אונז דערציילט פון אַ קאַפּיטאַן, וועלכער האָט זיך
געווענדעט אין יענער צייט צו דעם שיף-עקיפּאַזש און צו
די רייזנדע בזה הלשון: „היות ווי מיר זענען איצט אי-
בערגעגעבן דער מאַכט פון גאָט און פון די כוואַליעס,

מוז יעטוועדער פֿון אונז זיין גלייך צו דעם אַנדערן. און היות ווי מיר זענען איצט אַרומגערינגלט פֿון שטורעמס, הויכע כוואַליעס, רויבער און אַנדערע סכּנות, מוזן מיר שאַפֿן אַ שטרענגע אָרדענונג, כּדי מיר זאָלן פֿאַרענדיקן בשלום אונזער רייזע". האָט מען דאָ טאַקע דערבײַ אויסגעוויילט אַן אויפֿזעער און ריכטער, און בײַ דעם סוף פֿון דער נסיעה האָט דער פֿירער דערקלערט פֿאָלגנדיקעס: „וואָס עס איז געשען אויפֿן דאָזיקן שיף, מוזן מיר איינער דעם אַנדערן מוחל זיין און באַטראַכטן ווי געשטאָרבן. דאָס, וואָס מיר האָבן דאָ געמשפּט, איז געשען לשם דער גערעכטיקייט. דערפֿאַר בעטן מיר אייך אַלעמען אין נאָמען פֿון דעם ערלעכן געריכט צו פֿאַרגעסן יעטוועדע שנאה, וועלכע איינער קאָן שפּירן קעגן דעם אַנדערן, און צו שווערן בײַ ברויט און זאַלץ, אַז ער וועט נישט טראַכטן וועגן דעם אין בייזן. ווען אָבער עמעצער האַלט זיך פֿאַר באַעולהט, מוז ער גיין צו דער מאַכט אויף דער יבשה און נאָך פֿאָרן אונטערגאַנג פֿון דער זון פֿאַרלאַנגען פֿון איר אַ משפּט".

ס'איז גענוג צו לייענען אָט אַזעלכע באַריכטן פֿון די כראָניקעס אָדער די דרשות פֿון דער קריסטלעכער עפּאָכע, כּדי צו פֿאַרשטיין קלאָר, אַז אַ גרויסער טייל פֿון אונזערע אינסטיטוציעס שטאַמען טאַקע פֿון יענער צייט, וועלכע זענען אָבער היינט-צו-טאָג טויט, קאַלט, אויפֿן פּאַפּיר און אָפּגעריסן פֿון מענטשן. דעמאָלט פֿלעגן זיי געשאַפֿן ווערן צווישן מענטשן, אָפּטמאָל נאָר אויף אַ באַשטימטע שעה אָדער אַ באַשטימטן צוועק, אָבער גראָד דערפֿאַר פֿלעגן זיי האָבן אַ אייביקע באַדייטונג. דער גייסט שאַפֿט געזעצן, אָבער ווען די געזעצן בלייבן און דער גייסט איז פֿאַרשוווּנדן, דעמאָלט קאָנען די געזעצן נישט שאַפֿן און נישט פֿאַרבייטן דעם גייסט.

אין דעם שטורעמדיקן יאָרהונדערט, בעת וועלכן עס איז — לויט אולריך פֿאָן הוטטענס וואָרט — געווען אַ פֿרייד צו לעבן, ווײַל די גייסטער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט דער גייסט פֿון דער קריסטלעכער תּקופֿה אָנגעהויבן צו פֿאַרשווינדן. דאָס

קריסטנטום האָט אויפגעהערט צו האָבן אַ שייכות צום צוואַמענלעבן פון די מענטשן, עס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לערע און אַ גלויבן, ווייל עס איז געוואָרן אומבאַגלויבט. מען האָט זיך געהאַלטן פאַר די אותיות, ווייל די טראַדיציע קאָן זיך האַלטן נאָר דעמאָלט, ווו דאָס גייסטיקע איז אַ געמיינשאַפטלעכער גייסט און אַ לעבנס־ענערגיע. עס זענען אויפגעקומען די געניאַלע יחידים, וועלכע האָבן פרעמד און שטייף, איינגעהילט אין אַ מאַנטל, מאַרשירט דורך זייער תקופה. זיי זענען אָבער נישט געווען קיין האַרמאָנישע, אין זיך זיכערע, אַלזייטיקע פערזאָנען; זיי זענען געווען ווי אַנטוואָרצלט אָדער אינערלעך צעריסן אָדער איינזייטיק און ווי דורכגעלעכערט. אָט איז, למשל, לוטער, דער באמת-שטורעמדיקער מענטש, געווען אַזוי באָדנלאָז, עלנט און דורכגעלעכערט אין אַלץ, וואָס עס איז געווען נוגע די געזעלשאַפט און די געמיינשאַפט פון מענטשן. ס׳זענען אָנגעקומען די צייטן פון אינדיווידואַליזם אין אַ צווייענדיקן זין: אין זין פון גרויסע אינדיווידוען און פון אַטאָמיזירטע און אָן הילף פאַרלאָזענע מאַסן.



איצט פאַרלאַנג איך פון דעם לייענער, וועלכער האָט מיר ביז איצט נאָכגעפאָלגט, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן און אַ רגע אַליין, אָן מיר, פאַרטיפן זיך אין דער זאַך. אָט דעם סקעלעט פון דעם סאָציאַלן לעבן, וועלכן איך האָב דאָ אויסגעשטעלט פאַר דער קריסטלעכער עפּאָכע, זאָל דער לייענער אָנפילן מיט בלוט און פלייש. דורך זיין פאָרשטעלונגס-קראַפט, דורך פאַרגלייכן מיט אַ וועלכע נישט איז באַקאַנטער און מיטגעלעבטערווירקלעכקייט, זאָל ער פאַרוואַנדלען די באַגריפן און שטימונגען פון יענער צייט אין אַ וועלט פון פליסן, איבערגיין, קיינמאָל נישט פאַרטיק זיין, פאַראַלעל-לויפנדיקע פאַרשיידנהייטן, אומבאַרעכנבאַרע און אומלייזבאַרע עלעמענטן. אָט די טענדענץ, וועלכע איך האָב אַרויסגעפונען און אָנגע-

ציכנט, איז אייגנטלעך נישט געווען טרוקן, נאַקעט און בלוטלאָז; זי איז געווען, פאַרקערט, פול מיט לעבן. אָבער דאָס־דאָזיקע לעבן מוז האָבן פאַר אונדז אַט יענע באַדייטונג, וועלכע איך האָב געשילדערט. נאָך דעם אַלעם, וואָס איז פון יענער צייט אָן געשען, איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן דער זינען פון די קריסטלעכע תקופות: די מענטשן זענען דעמאָלט געווען אינדיווידוען מיט פליגלען פון בענקשאַפט און דידאָזיקע יחידישע זוכענישן פון קדושה האָבן פאַרשאַפט דער געזעלשאַפט הייליקייט, זיכערקייט און זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. טאָמער וועט אָבער ווער נישט איז וועלן מיר דערמאָנען, אַז אין יענע צייטן האָבן נאָך אויך עקזיסטירט די פאַרשיידענע פאָרמען פון פעאָדאַליזם און קירכן־מלוכה, פון אינקוויזיציע און אַזוי ווייטער, וועל איך אים ענטפערן מיט אַ פאָר ווערטער: יאָ, איך ווייס עס, און פונדעסטוועגן... יעטוועדע געשיכטע, יעטוועדעס פאַרשטיין איז פאַרקירצונג, קאָנצענטראַציע; דאָס וויסן קומט נישט נאָר דורך דאָס זען אַליין. עס נויטיקט זיך אויך אין דעם נישט־דערזען, פונקט אַזוי ווי אין לעבן בכלל איז דאָס פאַרגעסן פונקט אַזוי נויטיק ווי דאָס געדענקען.

## IV. די גייסטלאָזיקייט פון דער נייער צייט

מיר האָבן ביז איצט געמאַכט דעם פּרוּוו צו באַווייזן, אַז אין די טויזנט יאָר צווישן 500 און 1500 האָט געהערשט איין־איינציקע טענדענץ — דער פּרינציפּ פון גלידערונג — וועלכע איז מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם פאַרבינדנדיקן גייסט פון דער געמיינשאַפט. איצט אָבער ווילן מיר באַהויפּטן (און נאָר צוליב דעם צוועק האָבן מיר געמאַכט פריער דעם היסטאָרישן איבערבליק), אַז די גאַנצע שפּעטערדיקע צייט, פון 1500 אָן איבער אונזער עפּאָכע ביז אין דער נאָענטסטער צוקונפט אַריין, איז אויך אַן איינערלעך־פאַרבונדענע צייט, פאַר וועלכער מיר קאָנען אויפשטעלן די פאָרמול: ק יי ן  ש ו ם  ג ע מ יי נ־

שאַפטס-גייסט! אַ צייט פון גייסטלאָזיקייט, און מהאי טעמא אויך פון געוואַלט; אַ צייט פון גייסטלאָזיקייט, און מהאי טעמא — פון דעם מעכטיק-אָנגעשפּאַנטן גייסט פון איינצלנע יחידים; אַ צייט פון אינדיווידואַליזם, און מהאי טעמא פון אַטאָמיזירונג פון די אַנטוואָרצלטע און צעשטויבטע מאַסן; אַ צייט פון פּערסאָנאַליזם, און מהאי טעמא פון אַנטוואָרצלטע און אין טיפסטן זין מעלאַנכאָלישע גרויסע מענטשן; אַ צייט אָן גייסט און דעריבער אויך אָן וואָרהייט; אַ צייט פון ירידה און דעריבער אויך פון איבערגאַנג; אַ צייט פון מענטשן מיט שוואַכע הערצער, פון פּאַסיוויטעט, פון געדולד; און דערפאַר טאַקע אויך אַ צייט פון פּרווון, פון העזה און חוצפּה, פון מוט און רעבעליע. דאָס איז די זעלישע אַטמאָספער, אין וועלכער מיר לעבן נאָך איצט, אָט די אַטמאָספער פון איבערגאַנג, פון פאַרלאָרנקייט, פון זוכעניש: פון רעוואָלוציע. אין דידאָזיקע דורות לעבן מיר אין אַ אַטמאָספער, וועלכע איז צונויפגעמישט פון צוויי אַרטן גייסט. דאָס זענען, ערשטנס, די סוראָגאַטן פון גייסט, ווייל עס מוז עפּעס עקזיסטירן, וואָס באַשטימט און דערמעגלעכט דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן (וווּ ס'איז נישטאָ קיין גייסט, דאָרטן איז געוואַלט: דער שטאַאַט און די מיט אים פאַרבונדענע פאָרמען פון הערשאַפט און צענטראַליזם). דאָס זענען, צווייטנס, די איבערגעשפּיצטע לייסטונגען פון גייסט, ווייל דער גייסט קאָן נישט פאַרשווינדן, און ווען ער איז נישט פאַרשפּרייט צווישן די פשוטע מענטשן, מוז ער זיך קאָנצענטרירן אין אַ פאַרשווינדערישער מאָס אין די איינזאַמע יחידים (דעמאָלט אַנטשטייען יענע בנינים פון שיינקייט און חכמה, וועלכע זענען פון אַ גאַנץ אַנדערן מין, איידער אין די צייטן פון דער געמיינשאַפטס-קולטור). דאָס זענען, דריטנס, די פּרווון און די שטרעבונגען נאָך פרייהייט, וועלכע מען רופט אָן ספּעציעל מיט דעם נאָמען רעוואָלוציע. אָבער די סוראָגאַטן פון גייסט ווערן אומדערטרעגלעך פאַר דעם מענטש; די אוטאָפּיע רעבעלירט קעגן דער באַזונדערער איבערגאַנגס-פאָרם פון לעבן; אונטער

דער אָנפּירערשאַפֿט פֿון הויך-גייסטיקע אָדער נשמה-שטאַרקע יחידים קומט-אויף אין שווערע קאַמפֿן אויפֿן אָרט פֿון איין איבערגאַנגס-פֿאָרם אַן אַנדערע, אַ מער אָדער ווייניקער נייער סוראָגאַט. דידאָזיקע וואַקלעניש האַלטן-אָן אַזוי לאַנג צווישן די מענטשן, ביז די צייט ווערט דערפֿילט, און פֿון דער נשמה און דער גייסט פֿון די יחידים רייסט זיך ווידער אַרויס אַ געמיינשאַפֿטס-גייסט, וועלכער שאַפֿט און גלידערט נייע פֿאָרמען פֿון סאָציאַלן לעבן. דאָס איז דער וועג פֿון דעם פֿאַרשוווּנדענעם געמיינשאַפֿטס-גייסט — דורך געוואַלט, רעבעליע, נויט פֿון די מאַסן און געניאַליטעט פֿון יחידים — צו אַ נייעם געמיינשאַפֿטס-גייסט; ד אָ ס א י ז ד י ר ע וו אָ ל ו צ י ע, וועלכע א י ז א ו נ ז ע ר וו ע ג און וועלכע מיר ווילן איצט שילדערן.

די עפּאָכן, וועלכע מיר גיבן דאָ אָן, זענען, זעלבסט-פֿאַרשטענדלעך, נישט אַזוי שאַרף אָפּגעגרענעצט. דאָס, וואָס עס האָט זיך אין יאָר 1500 אַנטפּלעקט מיט אַן אומצווייפֿלהאַפֿטער קראַפֿט, האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן און געווירקט מיט דורות פֿריער. די מיטאָס-קראַפֿט פֿון דעם קריסטנטום האָט גענומען פֿאַרשווינדן אַ דאַנק דער סכאָלאַסטישער טעאָלאָגיע און דער קירכלעכער אָרגאַניזאַציע. דידאָזיקע קראַפֿט איז געלעגן אין עפּעס, פֿון וואָס מיר קאָנען זיך קוים מאַכן אַ פֿאָרשטעלונג איצט, אין די צייטן פֿון לאָגיק און ראַציאָנעלער ניכטערקייט. כּדי דאָס צו פֿאַרשטיין, מוזן מיר אָנקומען צו געוויסע פֿאָרמען פֿון דער פּרויען-לאָגיק, אָדער זיך פֿאָרשטעלן אַזעלכע רוסישע רעליגיעזע מענטשן, ווי דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי. דידאָזיקע מיטאָס-קראַפֿט הייסט מיט אַן אַנדער וואָרט אמונה. דער, וואָס האָט אין דער תּקופֿה פֿון דעם לעבעדיקן קריסטנטום געגלויבט, למשל, אַז קריסטוס איז דער זון פֿון גאָט, דער האָט דערביי באמת געשפּירט אין זיך גופֿא זיין אייגענע קינד-פֿאָטער-באַציאונג צו דעם טיפֿסטן וועלט-יסוד. די תּקופֿות מיט אַ שטאַרקער מיטאָס-קראַפֿט האָבן, ביי די גריכן פּונקט אַזוי ווי ביי די קריסטן און אומעטום, די

באַזונדערע פּעאיקייט אויפצופּאַסן די אמונה-דאָגמעס נישט ווערטלעך, נאָר סימבאָליש, דערבײַ אַפילו נישט צו פאַרשטיין דעם חילוק צווישן וואָרט און סימבאָל, און אַזוי אַרום דורכ-צולעבן דעם סימבאָל ווי עפּעס גאַנץ רעאַלעס. די טעאָלאָגיע און די קירך האָט שפּעטער אויפגעשטעלט דעמדאָזיקן חילוק, האָט גענומען פאָדערן, אַז מען זאָל די טראַדיציעס און דאָגמעס אויפפאַסן דווקא ווערטלעך, און האָט דערמיט צוגענומען ביים קריסטנטום דאָס לעבן און דעם זין. אַזוי אַרום זענען די עכטע קריסטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיסטיקער, בוגדים און באַלד אויך אין רעוואָלוציאָנערן, אַ דאַנק דעם פאַרשטאַנד, דער שפּיצפינדיקייט און די לאָגישע חקירות, אַ דאַנק דעם פּרווו צו באַגרינדן די רעליגיע ראַציאָנאַליסטיש, האָט אין דער קירך גענומען הערשן די טפשות, אַ טפשות פון אַזאַ אַרט און פון אַזאַ פאַרנעם, פון וועלכן מיר האָבן אין ערגעץ נישט געהאַט נאָך אַזאַ ביישפּיל. גלייכצייטיק אָבער זענען די עכטע קריסטן געצוווּנגען געוואָרן צו געבן זיך אַ ראַציאָנאַליסטישע דערקלערונג, זיך אַליין קלאָר צו מאַכן, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן איינגעהילט אין אַ קריסטלעכן אָדער רעליגיעזן לבוש, האָבן זיי נאָר געמיינט בדרך סימבאָל. זיי האָבן זיך דערפילט אָפּגעשיידט סיי פון דער קירכלעכער וויסנשאַפט און סיי פון דעם נאַאיוון פאָלקס-גלויבן; זיי ווערן איזאָלירטע יחידים, דענקער, פילאָזאָפן. עס הויבן זיך אָן די צייטן, ווו ס'איז שוין מער נישטאָ קיין איינהייט פון פאָלק, קיין פאַרבינדנדי-קער גייסט. אויך דאָס צוזאַמענלעבן פון די מענטשן, די גע-זעלשאַפט מיט אירע וועלטלעכע אינסטיטוציעס און פאַרבאַנדן, הערט אויף צו ווערן געטראָגן און באַלעבט פריי און סטיכיש פון דער געמיינשאַפט פון די יחידים; זיי ווערן אַלע פאַר-שטייפט, האַלטן זיך נאָר דורך אויסערלעכע בינדונגען אָדער פאַלן זיך פונאַנדער.

אויב מיר ווילן האָבן אַ סימבאָל פאַר דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט — פאַר דעם זאַלץ, וואָס איז אויסגעוועפּט געוואָרן, פאַר דער טפשות פון קלעפּן זיך צו

הערטער, פאַר דער מיסטיק, וועלכע קאָן באַגרייפן אַ וועלט־סימבאָל, פאַר די רעליגיעזע אַפּיקורסים, וועלכע פירן די קאַמפן, פאַר דער נאַטור, וועלכע רעבעלירט קעגן דאָס איבער־געשפּיצט־גייסטיקע און טרייבט צו דער קאָנקרעטער אויסן־וועלט און די אייגענע אינסטינקטן, פאַר דער ירידה פון די בינ־דונגען, וואָס האָבן פאַראייניקט דאָס לעבן און אָנגעפילט מיט זינען דעם קאָלעקטיוו, פאַר דער פאַרשטיינערונג פון דעם נשמה־לעבן און פון דער אויסערלעכער אָרגאַניזאַציע, פאַר דעם דערוואַכן פון דער וויסנשאַפט און פאָרשונג און גלייכציַיטיק פאַר דער שקלאַפעריי פון גייסט און דער מוטלאָזיקייט פון דעם מענטש, — אויב מיר ווילן האָבן אַ סימבאָל פאַר אָט דער גאַנצער גייסטלאָזיקייט צווישן די מענטשן, קאָנען מיר אים פאַרקערפּערן אין מ א ר ט י ן ל ו ט ע ר. אָט דער מערק־ווירדיקער מענטש האָט באַזעסן אַזאַ אומגעהייערע מאַכט איבער זיין עפּאָכע טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט דידאָזיקע עפּאָכע פולשטענדיק פאַרקערפּערט. די דעמאָנישקייט און די קראַפט פון זיין נאַטור איז געווען אין אים צונויפגעמישט מיט דער דעמאָנישקייט, אומקלאָרקייט און גרויסער שוואַכקייט פון זיין עפּאָכע, וועלכע האָט געטראָגן אין זיך אַ געוואַלטיקן מישמאַש און געבראָכנקייט.

נאָך מיט אַ הונדערט יאָר פאַר לוטערן האָט זיך גע־האָט אויפגעהויבן אַ שטאַרק־ביינערדיקער מאַן מיט אַ ניכטערנעם גייסט און אייזערנעם ווילן, אַ קריסטלעכער אַנאַרכיסט, וועל־כער האָט געקוקט וויַיט פאָראויס פון זיין צייט, דער טשעך פּעטער כ ע ל ט ש י צ ק י. ער האָט געמאַכט דעם פּרווו צו ראַטעווען דאָס קריסטנטום אַלס גייסט. ער האָט איינגעזען, אַז קירך און שטאַט זענען טויט־פיינט פון קריסטלעכן לעבן, וועלכעס ער האָט באַצייכנט אַלס מלכות פון גייסט און פרייהייט. זיינע לערעס זענען געווען געריכטעט קעגן יעטוועדער באַנוצונג פון געוואַלט, קעגן געזעץ און ממשלה. פון אינעווי־ניק האָט געזאָלט אַרויסטראָמען דער גייסט, וועלכער זאָל ברענגען די מענטשן אָן אָרדענונג. פרייהייט איז נישט די־

פאַכטער, נאָר די מוטער פון אָרדענונג — אָט די ווערטער פון פּרודאָנען האָבן געקאָנט זיין זיינע ווערטער. די צייטן זענען שוין דעמאָלט געווען אַזעלכע, אַז דערדאָזיקער טשעכישער טאָלסטאָי האָט געפונען אַ סך נאָכפאָלגער; אָבער דידאָזיקע צייטן זענען געווען אויך אַזעלכע, אַז דאָס, וואָס פריער איז געווען אַזוי פשוט, האָט זיך שוין איצט מער נישט געקאָנט האַלטן מיט דער קראַפט פון ש כ ל און ענערגיע. עס זענען פאַראַן נביאים, וואָס די דיכטערישע אינספּיראַציע לייגט זיי אַריין אין מויל ווערטער, וועלכער זעען-פאָראויס און גרייטן צו די צוקונפט; און עס זענען פאַראַן פאַנאַטישע ראַציאָנאַליסטישע רעדנער, וואָס זענען פול מיט שכל און קלאָרקייט, וואָס דערקענען און דריקן אויס דעם שרעקלעכן צושטאַנד פון דער קעגנוואַרט אַזוי קלאָר, אַז זיי באַגראָבן דערמיט גופא דעם עבר, וועלכן זיי ווילן אויפהאַלטן. בעת די געמיינשאַפטלעכע שטרעבונגען פון די יחידים, וועלכע שאַפן די געזעלשאַפטן, פאַרהאַנדלען זיך אין קאַמף-לאָזונגען, בעת דער אינערלעכער ברען און די שטויס-קראַפט זייערע גייען אַריבער אין אָרגאַניזירטע רעבעליע און דעמאַגאָגיע, דעמאָלט זעט אפשר אויס דערדאָזיקער ברען און קאַמף יונג און ניי, אין תוך איז דאָס אָבער אַ סימן דערפון, אַז דאָס אַלטע נשמהדיקע פאַרשווינדט האָפענונגסלאָז. דאָס געפיל שטאַרבט אָפּ דורך דער שכלדיקייט, פונקט אַזוי ווי די ליבע -- דורך דער מאָראַל, און די קדושה — דורך דער דאָגמע. אָט אַזוי קומט עס אין דידאָזיקע צייטן פון ירידה דערצו, אַז יענער, וועלכער דערקענט דאָס שלעכטס אין דער וועלט, פאַרגרעסערט עס אַליין גופא, טאַקע דורך דעם, וואָס ער דערקענט עס נאָר מיט זיין ש כ ל. אָט אַ מענטש פון אַזאַ שניט איז געווען פּעטער כעלטשיצקי. האָט טאַקע זיין באַוועגונג געמוזט פאַרענדיקן זיך דערמיט, וואָס ער האָט אַליין פריער באַקעמפט; פונקט אַזוי ווי די יונגע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען וועלן מוזן שפּעטער, ווען זיי וועלן פאַר אַ פּאָר יאָר אָדער נאָר פאַר אַ פּאָר חדשים קומען צו דער מאַכט, גיין אין דיזעלבע וועגן

ווי יענע, קעגן וועמען זיי האָבן רעבעלירט. שוין די נאָנטסטע תּלמידים זיינע האָבן לחלוטין נישט פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי ער האָט געהאַט פֿאַרבונדן דאָס דרויסנדיקע לעבן מיט דער אינערלעכער שטים און ווי אַזוי ער האָט אויף דעם יסוד קריטיקירט די מלוכה און די מאַכט-אינסטיטוציעס. זיי האָבן זיך אַלס באַהעמישע און מאָראַווישע ברידער באַגרענעצט דערמיט, וואָס זיי האָבן געפירט אַ פרום אינערלעך לעבן, וואָס זיי זענען געווען אַ סעקטע נעבן דער קירך און אַ סך אַנדערע סעקטן, און סוף כּל סוף זענען זיי געוואָרן אַ קליינע ברידערלעכע געמיינדע, וועלכע מען רופט אָן געוויינלעך מיטן נאָמען הערנהוטער. די אַקטיוויטעט פֿון דעם ווילדן קריסטלעכן רעוואָלוציאָנער האָט זיך אויסגעלאָזן מיט אַ גאָטספֿאָרכטיקן קהל פֿון שוואַכינקע מענטשן, וועלכע זענען אונדז באַקאַנט דורך די שריפֿטן פֿון פֿאַרשיידענע שיינע נשמות.

אין דעמזעלבן יאָרהונדערט געפֿינען מיר נישט נאָר דעמדאָזיקן ראַדיקאַלן פּרוּוו צוריקצופֿירן דאָס לעבן פֿון דער געזעלשאַפֿט צו יענעם צושטאַנד, וועלכן מען האָט שוין דעמאָלט באַצייכנט מיטן נאָמען אור-קריסטנטום; מיר זעען דאָרטן אויך פֿון דעם קריסטנטום אַרויסוואַקסנדיקע טענדענצן צו אַ נאַציאָנאַל-ליבעראַלן, דעמאָקראַטישן און סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן איבערקער. דער סאָציאַלער פּאַטאָס, וועלכער אַנטפּלעקט זיך דאָרטן, איז ממש דערשיטערנדיק און פֿאַרכאַפּנדיק. אויך זייער קלוג, פּאָליטיש און רייף זענען געווען די פּראַקטישע רעפֿאָרם-פֿאָרשלאָגן, ווי מיר זעען זיי אין די שריפֿטן פֿון די אָנהענגער פֿון יאָהאַן הוס און אַ ביסל שפּעטער אין דער עפּאָכע פֿון פּויערים-קריג, ווי, למשל, אין דעם „לאַנד-סדר" פֿון מיכעל גייזמאַירס און אין דעם אויפֿרוף פֿון די אָבערלענדישע פּויערים. אין ליידנשאַפֿטלעכע קאַמפֿן האָבן זיך דאָ אַרויסגעריסן אויף דער וועלט ווייט-פֿאַרצווייגטע כּחות פֿון גייסט און געניאַלער טאַט, וועמעס העכסטע פֿאַרטרעטער זענען געווען קאַרלשטאַט און טאָמאַס מינצער. אָט די כּוחות האָבן אין אַ סך לענדער מיטגעריסן מיט זיך דאָס גאַנצע

פאָלק צו מאַכן דעם פּרווו ווידעראַמאָל אויפצובויען דאָס סאָ-ציאַלע לעבן אויף דעם גייסט פון דער קדושה פון דעם יחיר, אויף דעם אַלץ-פאַרבינדנדיקן גייסט פון דער קריסטלעכער געמיינשאַפט.

אָבער עס איז שוין געווען צו-שפּעט. אין פאַרשיידענע ערטער זענען שוין אויפגעקומען יענע קרייזן, וועלכע האָבן עס באַטראַכט אַלס צייכן פון עם הארצות צו טראַכטן, צו פילן, צו לעבן אין קריסטלעכע פאָרמען. אין דעם הומאַניזם, אין די קרייזן פון אַ מוטיאַן, פון אַ פּעטער לודער, פון אַ הענריך בעבעל זענען אויפגעקומען כלערליי אַרטן פון לייכט-זיניקן אַטעאיזם און פּאָליטעאיזם. מאָנאַכן, אַנטלאָפענע פון די קלויסטערס, יוריסטן און הויף-לייט זענען געוואָרן אָפּלאַכער, ליצנות-טרייבער, אינדיפערענטע, מענטשן, וואָס ווינקן זיך צו מיטן אויג פחדנותדיק אָדער כיטרע. עס זענען אויפגעקומען די נאַטור-ויסנשאַפט און די נאַטור-סטיכיע; די פּרוון צו באַצווינגען די אויסערלעכע נאַטור און אַרויסצולאָזן אויף דער פרייהייט די אייגענע. עס זענען דערשינען קאָלומבוס און לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, עס זענען געקומען די אַסטראָ-לאָגן מיט זייער טיף-רעוואָלוציאָנירנדיקער לערע, אַז דער ווילן און דער מזל פון מענטשן אַנטוויקלען זיך נישט אין געטלעכער פרייהייט, נאָר אין וועלטלעכער געבונדנקייט. עס האָבן זיך באַוויזן די מאַגיער און די כעמיקער, ווי למשל אַגריפּאַ און פּאַראַצעלזיוס, וועלכע האָבן באַפרייט די גייס-טער פון דער סכאָלאַסטישער און טאַקע שוין אויך פון דער הומאַניסטישער באַגריף-ויסנשאַפט און וואָרט-קנעכטשאַפט, וועל-כע האָבן אַריבערגעפירט די נשמות און די שטרעבונגען פון פוסטן ויסן אויף די וועגן פון מעכטיקן הערשן. און עס איז געקומען קאָפּערניקוס מיט זיין שריפט: De Revolutionibus Orbium Coelestium („וועגן די אומוועלצונגען פון די הימלדיקע שטחים"). איז טאַקע אויף פּאַר דעם Orbis Humanus (ערדישער אוניווערס) אויפגעקומען די Revolutio, די רעוואָלוציע, וועלכע האָט מיט אַ געוואַלטיקער צענטראָפוגאַלער קראַפט אַרויסגע-

וואָרפן די יחידים אין דעם פוסטן רוים, ווו אייניקע, ווייניקע פון זיי, האָבן זיך אין זיך גופא קאָנצענטרירט און פון זיך אליין געבאָרן אַ שעפערישן שטערן, ווו די מאַסן אָבער האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן ווי כאַאָטישער שטויב. דאָס איז די Revolutio, וועלכע אַנטוויקלט זיך איצט דורך די יאָרהונדערטער ביז זי וואַקסט-אויס, פאַרמירט זיך צו אַ נייער געשטאַלט און הייסט נישט מער רעוואָלוציע, נאָר רעגענעראַציע.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ פאַנטאַסטיש בילד. די ערד האָט זיך אָפּגעריסן פון איר דימענטענעם שורש און האָט אָנגעהויבן צו באַוועגן זיך דורך דעם עטער מיט געוואַלטיקע שריט. דער הימל פון גייסט און פון געטלעכקייט, אָט דער קליינער הימל פון מענטשן, וועלכער איז געווען פאַר זיי נישט מער ווי אַ מזבח מיט שטערן-ליכטלעך, ביי וועלכן זיי האָבן געדאַוונט מיט הכנעהדיקער בענקשאַפט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אומענדלעך-אומענדלעכן רוים פון וועלטן און לעבנס. דער מענטש, וועלכער איז אָקאָרשט נאָך דערצויגן געוואָרן נאָר ווי אַ געליבטער זון פון גאָט, האָט זיך איצט — פנים אל פנים מיט דעם אוניווערס — געפונען פילן נישט ווי אַ קליין ווערעמל, נאָר אומגעהייער-גרויס אַלס מאַגיער און באַהערשער פון אַלע הימלען, ערד און אַלע ניי-אַנטדעקטע כחות. אַ מאַכט איז געוואָרן די נייע וויסנשאַפט, און די יאָהאַן פאַאוסטס זענען אין יענע צייטן געבוירן געוואָרן הונדערטער-ווייז. מען האָט נאָך אַמאָל אַנטדעקט די ערד און, ווי געטראָגן פון נייע ווינטן, האָבן זיך די מענטשן מוטיק אויך געלאָזן פאָרן אַרום דעם וועלט-קוגל צו נייע לענדער: נאָך אפריקע, נאָך אינדיע, צו די נייע אינזלען און לענדער אין מערב. לאָמיר זיך איצט פאָרשטעלן, וואָס עס וואָלט אַרויסגעקומען, ווען עס וואָלט דעמאָלט אַריינגעדרונגען אין פאָלק אַלץ דאָס, וואָס עס האָט באַוועגט די הערצער פון די גאונים: פון ניקאָלאַאוס קוזאַנוס, פון פאַראַצעלזיוס, אַגריפּאַ, דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, קאַמפּאַנעלא (און דאָס איז געווען נישט קלענער, ווי דאָס גייסטיקע לעבן פון יענע גריכישע דענקער, וועלכע האָבן

צוגעגרייט דאָס קריסטנטום [1], לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז אָט
די גייסטיקע אוצרות וואָלטן זיך פארפעסטיקט אין די קליינע
געמיינדעס, אַז מען וואָלט זיי געפּריידיקט מיט אַ נייער
התלהבות פאַר די פרישע אויסגערוטע פעלקער אין אַלע מעג-
לעכע לשונות. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז דאָס עוואַנגעליום
פון דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ ווערט געטראָגן צו די אייניקלעך פון
די פעלקער פון האַניבאַל אין צפון-אַפריקע, צו די קינדער
פון בודאַ אין אינדיע, צו די איידעלע פעלקער פון מעקסיקע
און בראַזיליע. ווי וואָלט עס געווען, ווען עס וואָלט זיך
דעמאָלט צונויפגעטראָפן, ווי אין דער צייט פון דעם אור-
קריסטנטום, דאָס אַלט-נייע מיט דעם ניי-אַלטן און ווען עס
וואָלט געפלאָסן גייסט אין דעם בלוט און בלוט אין דעם
גייסט? עס איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַסטיש בילד. דאָס
וואָלט אָבער געווען אַ נייער איבערקער אין דער וועלט. אָנ-
שטאָט דעם פּרווון מיר איצט מיט שוואַכע און פאַרקריפּלטע
כחות צו דערפרישן און צו דערוואַרעמען זיך פאַמעלעך, צו
רעדן פון רעוואָלוציעס, וועלכע זענען אַזוי עפּעס ווי שאַמ-
פּאַניער פאַר אַ שווער-קראַנקן, וואָס מוז קומען צו זיך נאָך
אַ טויטלעכער קראַנקהייט.

צו די ניי-אַנטדעקטע פעלקער האָט מען געבראַכט אַ
דרייפאַכן טויט: פייערדיקע קוילן, הונגער און קריסטנטום.
אָבער די נייע וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. די נייע קונסט און
מאָראַל האָבן נישט דעראָבערט אַפילו דעם קלענסטן טייל פאָלק,
פאַרקערט, זיי האָבן אָנגעצייכנט שאַרף דעם תהום צווישן די
גענייאַלע יחידים און דעם פאָלק; און אויף וויפל זיי זענען
אין אַ וווּלגאַריזירטער פאָרם שוין אַריינגעדרונגען אין ווייטערע
שיכטן, האָבן זיי נאָר געשאַפן אַ מרחק צווישן געבילדעטע
און אומגעבילדעטע מענטשן. די רענעסאַנס-צייט איז געווען
נישט מער ווי די שאַפונג פון אַ נייער משונהדיקער אַריסטאָ-
קראַטיע, וועלכע מען וואָלט געקאָנט שוין אין יענע דורות
(מיטן אויסנאַם פון די עפּאָכן פון רעוואָלוציעס) אָנרופן אַן
אַריסטאָקראַטיע פון ירידה: אַן אַריסטאָקראַטיע אָן אַ פאָלק.

פון וועלכן זי זאָל אָפּשטאַמען און שטיין אין זיין שפּיץ, אָן מאַכט און באַלד אויך אָן א באָדן. אויפן אָרט פון רענעסאַנס פון די פעלקער איז אויפגעקומען די אַזוי-גערופענע רעפאָרמאַציע, א רעפאָרמירונג פון דעם, וואָס האָט ביי די פעלקער צוגערויבט דעם גייסט, ד. ה. פון דער ק י ר ך. אָט דאָס, וואָס עס איז אויפגעקומען נאָך דער רעפאָרמאַציע און דער קעגן-רעפאָרמאַציע אַלס קירכלעך קריסטנטום, האָט נאָך אין דער ערשטער צייט אין גרעסערע קרייזן, ראשית כל אין די סעקטן, געהאַט אַ געוויסע באַציאונג צום לעבן. אָבער אויב אין דער תקופה פון דעם עכטן קריסטנטום איז דאָס לעבן פון דעם מענטש געווען אומגעטיילט, איז איצט אַריינגעדרונגען אין לעבן פון יחיד אַ שאַרפע צעטיילונג: דאָס קירכלעכע קריסטנטום האָט אַרומגענומען נאָר זיין פּריוואַט לעבן און די ענגערע שייכותן פון דער פאַמיליע און פון דעם, וואָס עס רופט זיך היינט אָן מ אָ ר אַ ל. אָבער דאָס לעבן פון דער ווירטשאַפט, פון דער געזעלשאַפט, אַלזאָ דאָס אייגנטלעכע, דינאַמישע געמיינשאַפטס-לעבן פון מענטשן, האָט זיך באַפרייט פון קריסטנטום, האָט אויך מיט דער מאָראַל אָנגעהאַלטן אַ גאָר שוואַכע און אויבערפלעכלעכע פאַרבינדונג, איז געוואָרן לחלוטין גייסטלאָז.

אָנשטאָט דעם איז געקומען עפּעס אַנדערעס, וואָס מען טאָר נישט פאַרגעסן, בעת מען רעדט וועגן דעם דערוואַכן פון קלאַסישן אַלטערטום: דאָס רוימישע רעכט. ס׳איז אפשר נישטאָ קיין גרעסערער חוזק אין דער גאַנצער אונז באַקאַנטער מענטשן-געשיכטע, ווי דערדאָזיקער פאַל: אַז גלייכצייטיק מיט דער רעפאָרמאַציע פון קריסטנטום האָט מען איבערגענומען דאָס ר ו י מ י ש ע ר ע כ ט. דעמאָלט, ביי דעם אונטערגאַנג פון אַלטערטום, האָבן די מענטשן געליטן דוקא פון יענע סאָציאַלע לעבנס-באַדינגונגען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם ר ו י מ י ש ן מלוכה- און ציוויל-ר ע כ ט, — און טאַקע דערפאַר האָבן זיי געשטרעבט צו גייסט, צו נשמה און געמיינשאַפטלעכער ליבע, וואָס האָט דערמעגלעכט

דעם אויפקום פון קריסטנטום. פון דער אַנדער זייט האָבן זיך גראָד דעמאָלט, אומגעפער אין דערזעלביקער צייט, ווען ס'איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דער Corpus Juris (דער קאָדעקס פון רוימישן רעכט), באַוויזן נעבן רוים נייע, פרישע פעלקער. זיי האָבן זיך באַקענט מיט די קלאַסישע פעלקער און אױפֿגענומען דאָס קריסטנטום, אָבער זיי האָבן דערביי כמעט אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן די אָפּגעשטאָרבענע רוימישע לעבנס-פאָרמען. אין זייער ווייטערדיקן לעבן האָבן זיי אָפּגעהיט זייערע אייגענע זיטן און אָנגעפילט מיט אַ נייעם גייסט דאָס גערמאַניש-ראָמאַנישע רעכט, דאָס רעכט פון דער קריסטלעכער תקופה. איצט אָבער ביי דער רעפאָרמאַציע, בעת מען האָט געוואָלט פלומרשט ראַטעווען דאָס קריסטנטום, האָט מען ווידער אויפגעלעבט נישט דעם מענטשן-פאַראייניקנדיקן גייסט פון ליבע, נישט די לויזע, באמת-סטיכישע זיטן און רעכט-נאָרמען, נאָר אַ ריי געשפענסטער פון דעם היסטאָרישן קבר: דעם רוימישן צעזאַריזם, דעם רוימישן האַנדל און וווכערער-גייסט, דעם שפּעט-רוימישן קאַזואַליזם און דאָגמאַטיזם, דעם רוימישן קאַפּיטאַליסטישן אינדיווידואַליזם, דאָס רוימישע שקלאַפן-רעכט, און מיט דעם צוזאַמען — די אַנטשפּרעכנדיקע מענטשן, די יוריסטן.

דער רוימישער מהות איז אייגנטלעך קיינמאָל נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן, אָבער ער איז אונטערדריקט און פאַרקריפּלט געוואָרן אַ דאַנק זיין פאַרבינדונג מיט דעם קריסטלעכן גייסט פון פרייהייט און מיט דעם גערמאַנישן גייסט פון פעדעראַליזם און זעלבשטענדיקייט. אמת, אין דער צייט פון פרידריך באַרבאַראָסאַ האָבן ווידער אויפגעלעבט דאָס רוימישע מלוכה-רעכט, דער צעזאַריזם, די געטשנדינערישע אַבסאָלוטע מאַכט פון די פירשטן, אָבער דער געמיינשאַפטס-גייסט איז נאָך געווען גענוג שטאַרק, כּדי זיך צו באַשיצן אין די פאַרשיידענע פאַרבאַנדן און שטענדיק-אויפקומענדיקע אינסטיטוציעס. איצט אָבער, בעת דער געמיינשאַפטס-גייסט איז רואינירט געוואָרן אין די גרויסע און קליינע פאַרבאַנדן, און פון דער אַנדער זייט

האָט די נייע וועלט מיט איר מעכטיקער פאַרברייטערונג פון לעבן געגאַרט נאָך נייע פאָרמען, איז רוים געוואָרן פאַר דער נייער ווירטשאַפט און געזעלשאַפט די איינציקע ישועה. דער חוזק, פון וועלכן איך האָב אויבן גערעדט, איז אָבער געווען נאָך אַ סך שטאַרקערער ווי מען מיינט. ווייל גראָד יענער מענטש, וועלכער האָט צוליב דער סכאָלאַסטיק, דער טפשות און דער אָפּגעשטאָרבנקייט פון דער קירך אַזוי שאַרף באַקעמפט רוים אַלס די פאַרקערפערונג פון אַנטיקריסט, — אָט דערזעלביקער מאַרטין לוטער האָט אַוועקגעלייגט אַלע זיינע כחות, כדי ווידער אויפצוריכטן דעם אמתן אַנטיקריסט, דעם אמתן רוים, דעם טויט-פיינט פון עכטן קריסטנטום. און ער האָט דאָס דערגרייכט. נישט געגנוג דערמיט, וואָס די פאָטערס פון דער רעפאָרמאַציע האָבן פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ: Cuius regio, eius religio, אַז די רעליגיע פון די אונטערטאַנען ווערט באַשטימט לויט דער אמונה פון דעם מלוכה-הערשער, האָבן זיי נאָך דערצו אָנערקענט די אומבאַגרענעצטע געוואַלט פון די מלוכה-הערשער. אָט די צוגרייטונג פון דעם מאָדערנעם שטאַט איז בפועל ממש די אַרבעט פון דער רעפאָרמאַציע און ראשית כל פון דעם שרעקלעכן מענטש מאַרטין לוטער. אַ גרויסער טייל פון די דעמאָקראַטישע מושלים האָבן שוין באַלד באַמערקט, אַז דער קאַמף קעגן דער רוימישער קירך קאָן זיי צושאַרן אַן אומגעהייערע פאַרשטאַרקונג פון זייער מאַכט און זייער רייכטום. די רעפאָרמאַציע וואָלט זיך קיינמאָל נישט דורכגעזעצט, ווען אָט די אַלע מושלים וואָלטן זיך נישט געקאָנט באַרייכערן ביי די סעקולאַריזאַציעס (פאַרוועלטלעכונג) פון די קלויסטערס, קירכן און רעליגיעזע פאָנדן. לוטער און זיינע אָנהענגער האָבן עס טאַקע מיט אַלע כחות אונטערגעשטיצט, ווייל אָט דער מענטש, וועלכער האָט זיין לערע אָנגערופן עוואַנגעליום און האָט זיך אַליין באַצייכנט אַלס אַ שליח פון גאָט, איז אין תוך געווען אַ פּאָליטיקער, וואָס האָט געוואָלט אָנטקעגנשטעלן דער מאַכט, מיט וועלכער ער האָט געקעמפט, אַ מאַכט פון דעמזעלבן שניט: דאָגמאַ-

שפיק פון ווערטער און כח פון שווערט. נישט געקוקט אויף דעם האָט אָט דער קאָמפּליצירטער מענטש שאַרף אויסגעדריקט אויך זיין עקל צו דידאַקטיק קאַמף-מיטלען: „ס'איז נישט קיין וואונדער, ווען די פירשטן זוכן אין עוואַנגעליום זייערע אייגענע אינטערעסן און ווען די נייע מאַכטהאָבער נאַרן אָפּ די אַלטע".

באַלד איז אויפגעקומען די געוואַלטיקע רעליגיעז-רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס אין איר שפּיץ זענען געשטאַנען די „עוואַנגעלישע ברידער". ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פּויערים-קריג, וועלכן מ'האָט מיט רעכט אָנגערופן די דייטשישע רעוואָלוציע, וועלכן מ'וואָלט אָבער נאָך בעסער געדאַרפט אָנרופן די קריסטלעכע רעוואָלוציע, אין קעגנזאַץ צו דעם, וואָס עס האָט געהייסן רעפאָרמאַציע. הונדערטער, טויזנטער דייטשישע פּויערים און שטאָט-מענטשן האָבן געמאַכט דעם פּרווו צו באַזייטיקן די נייע חסרונות נישט נאָר פון דער קירך, נאָר אויך פון דעם סאָציאַלן לעבן, אויפצובויען אַן ערלעך עוואַנגעליש לעבן. דער פּאַרשטאַנד און דער פאַנאַטיזם האָבן ווידער געפּרווט אויפצוריכטן און צו פאַרווירקלעכן דאָס, וואָס עס האָט אַמאָל, אין דער תקופה פון גייסט באַהערשט און אויסגעפּילט אַלס הויפּט-פּרינציפּ דאָס גאַנצע לעבן. און אָט אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט האָט לוטער דורכגעפירט מיט אַ געוואַלטיקער שאַרפקייט דוקא דאָס, וואָס עס האָט זיך שוין געצייכנט פריער באַוויזן: ער האָט אָפּגעשיידט דאָס לעבן פון דעם גלויבן און ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן אָרט פון גייסט די אָרגאַניזירטע געוואַלט. זיין פריערדיקער קאַמף קעגן די האָרעפאַשניקעס, וועלכער האָט שוין געהאַט געבראַכט צו די סעקולאַריזאַציעס און האָט צעשטערט אַזויפיל קאָרפּאָראַציעס פון קעגנזייטיקער הילף, איז איבערגעגאַנגען איצט אין אַ קאַמף קעגן דאָס קריסטלעכע לעבן בכלל, אויף וויפל עס האָט געפּרווט זיין עפּעס מער ווי פּריוואַט-לעבן. עס איז באַקאַנט, אַז לוטער האָט זיך אַ מאָמענט געשלאָגן מיט דער דעה (ער האָט תמיד געשוואַנקט און פלעגט

יעדעסמאָל נאָך דער אַנטשיידונג ווערן טאָפּלדיק ווילד און גרויזאַם), צי ער זאָל זיך פֿאַרבינדן מיט די הערשער אָדער מיט די רעוואָלוציאָנערן. צוערשט האָט ער אין אַ מאָדנע באַשיידענעם און זייער קליינלעכן אופֿן דערקלערט, אַז די רעפֿאָרם פֿון דער פֿאַרדאָרבענער ממשלה איז נישט דער עסק פֿון דעם פֿאָלק, נאָר פֿון דער ממשלה גופֿא. שפּעטער אָבער האָט ער געגעבן די רעבעלן אין אַ פֿאַרשטעקטן אופֿן צו פֿאַרשטיין, אַז אויב זיי וועלן זיין ריין-וועלטלעכע רעוואָלוציאָנערן („מענטשן, וועלכע קעמפֿן דערפֿאַר, אַז זיי זאָלן נישט ליידן פֿון אומרעכט און בייז, אַזוי ווי די נאַטור האָט געבאָטן") און זיי וועלן אויפֿהערן צו ברעכן די געזעלשאַפֿט אונטער דער פֿאָן פֿון קריסטנטום, וועט ער האַלטן מיט זיי, אָדער ער וועט לכל הפּחות נישט קעמפֿן קעגן זיי. אויב זיי וועלן אָבער פֿירן דעם קאַמף אין נאָמען פֿון קריסטוסן, וועט ער מוזן באַטראַכטן דעם קאַמף אַלס אַזעלכן, וועלכער איז געריכטעט פּערזענלעך קעגן אים און זיין לערע. אָט אַזוי ווייט איז דאָס געקומען. אַמאָל, אין זיין ריכטיקער צייט, איז דאָס קריסטנטום געווען פֿאַר די מענטשן און פֿעלקער איין-איינציקער אומפּאַסנדיקער אמת, וועלכער האָט אַרומגענומען זייער גאַנץ פּריוואַט און עפֿנטלעך לעבן, זייער אַרבעט, זייער וואַקסן און זייער פֿאַרשפּרייטן. איצט איז געקומען אַ מענטש, וועלכער האָט דערקלערט זיינע אָנהענגער, אַז די אַלע פּאָזיטיווע פֿאַרבאַנדן, וועלכע פֿאָרמירן און באַרייכערן דאָס לעבן, שטייען כּלומרשט אין אַ סתּירה צו דעם אמתן גייסטיקן קריסטנטום. און אַזאַ מענטש איז געווען דווקא דער רעפֿאָרמאַטאָר לוטער. איצט קאָן מען שוין זען, וואָס פֿאַר אַ ווערט עס האָט זיין באַקעמפֿונג פֿון צביעות, זיין לערע וועגן דעם, אַז מען קאָן זיך ראַטעווען דורך דעם גלויבן אַליין. אָט די צביעות האָט זיך באמת אַריינגעזעצט אין יענער עפּאָכע. די מענטשן האָבן דערשפּירט דעם דראַנג פֿון זייער נאַטור, פֿון זייער גוף, פֿון זייערע אינסטינקטן און אַלע ערדישע גלוסטונגען, אָנשטאָט צו קאָנצענטרירן אַלע זייערע חושים אין

דער נשמה אינעווייניק, — האָבן אָבער געוואָלט גלייכצייטיק אויסגעלייזט ווערן פון זינד. און נישט נאָר אין דעם פּריוואַט-לעבן פון יחיד איז געווען אַזאַ טאָפּלטיקייט; דידאַזיקע עפּאָכע האָט טיף געפילט, אַז אויך דאָס סאָציאַלע לעבן ווערט נישט מער אָנגעפירט פון דעם גייסט פון פרייהייט און געמיינשאַפט. יענע תקופה האָט געהאַט טאַקע אַ שלעכט געוויסן, פון אַלע חושים, מוסקולן און אָדערן האָט זיך געריסן עפּעס, וואָס איז לחלוטין נישט געווען קריסטוס; צווישן די מענטשן האָט קריסטוס מער נישט געהערשט אַלס אַן אומזיכטבאַרע אַטמאָספער, אָבער לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן, האָט ער דאָך ווי נישט איז *געזאָלט* זיין; האָט מען אים טאַקע קאָנסערווירט אין ביכער, כדי מען זאָל זיך מיט אים צונויפקומען נאָכן טויט. אַזוי אַרום איז דאָס קריסטנטום געוואָרן עפּעס נישט-לעבעדיקעס, אַן אַבסטראַקציע און אַ סיסטעם. די פּאָזיטיווע פאַרבאַנדן אָבער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פאַרבאַנדן פון נעגאַציע, פון קריטיק און רעבעליע. אַזוי אַרום האָט אין די ביידע לאַגערן דער פאַרשטאַנד פאַרנומען דאָס אָרט פון דער לעבעדיקערווירקלעכקייט. ווייל אויך ביי די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן געבענקט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט, האָט זיך דאָס פריערדיקע עכטע לעבן און וואָרהייט איצט פאַרוואַנדלט אין ריין-לאָגישע און טרוקענע פּראָגראַמען. דער פאַרשטאַנד איז אין דעם לאַגער פון די רעפאָרמאַטאָרן (אויך די קאַטוילישע) געווען אַ סכאָלאַסטישע טפשות; און דער אויף פאַרשטאַנד געבויטער רצון פון די רעוואָלוציאָנערן איז געווען מאַכטלאָזיקייט. ווייל צום שאַפן מוז מען האָבן מער ווי נאָר פאַרשטאַנד און רצון, עס געהערן נאָך דערצו, ווי איך דערקלער דאָס אין דער גאַנצער דאָזיקער אַרבעט, עלעמענטן פון מענטשלעכער פאַרבינדונג: *גייסט*, *ליבע*, *וואָס איז אַ קראַפט*.

באַלד שוין האָט לוטער אָנגענומען אַ באַשלוס, האָט זיך פאַרבונדן מיט די הערשער, האָט זיך פאַרשכורט מיט ווערטער פון געוואַלט און נקמה און האָט סטאַביליזירט דעם

פּרינציפּ פון צעזאַריזם: די פון גאָט־באַשטימטע אומבאַרירלעכע ממשלה, די ענגע פאַרבינדונג פון טראָן און קירך. אַז אָך און ווי איז געווען צו דעם, וועלכער האָט נאָך געפּרוווט אויפפּאַסן די עוואַנגעלישע פרייהייט פון אַ קריסט אַלס אַ לעבנס־פּרינציפּ, וועלכער האָט געטענהט, אַז דער כּלל האָט דאָס רעכט פון זעלבסטבאַשטימונג אין וועלטלעכע ענינים. עס איז שוין נישט געווען מער קיין פאָלק, עס איז געווען נאָר המון. מען האָט שוין נישט געברויכט מער אויך די צביעות אין דעם פּריוואַטן און עפנטלעכן לעבן פון מענטשן, ווייל גאָט האָט מען פאַרבאַהאַלטן אין דער אַבסטראַקציע, אין דעם בוך, אין דער קירך, אָבער די גאַנצע קדושה און מאַיעסטע־טישקייט האָט מען קאָנצענטרירט אויף דעם קאָפּ פון די פּירשטן און הערשער. ביי דעם אָט אַזוי פאַרענדערטן קריסטנטום איז נאָר פאַרבליבן איין־איינציקע שייכות צום עפנטלעכן לעבן: די קירך האָט נאָך געמוזט העלפן צו שאַפן און אויס־צוהאַלטן אונטערטאַנען.

דער שטאַאַט איז אין משך פון מיטלאַלטער געשטאַנען נישט איבער, נאָר נעבן די אומצייליקע אַנדערע קלענערע און גרעסערע אָרגאַניזאַציעס. דער שטאַאַט האָט נאָך נישט געהאַט קיין פעסטן אויטאָריטעט, ער איז נאָך געווען וואַקלדיק, אומ־באַשטימט, אָן אַ וועלכער נישט איז קלאָרער השפּעה. עס זע־נען געווען פלערליי ממשלות, אָבער ס׳איז נאָך נישט געווען דער הייליקער פּרינציפּ פון וועלטלעכער ממשלה. מען האָט געפירט פלערליי פאַרהאַנדלונגען, פאַרזאַמלט זיך אויף אסיפות, אָנגענומען באַשלוסן, אָבער עס זענען נאָך נישט געווען קיין געזעצן אין יענעם שטרענגען זין, ווי זיי דערשיינען פאַר אונז איצט. אין דעם אַזוי־גערופענעם מלוכה־לעבן פון דער קריסטלעכער תקופה, ביי די צוזאַמענפאָרן פון די שטאַנדן, אפילו אין דער מלחמה־צייט, איז געווען עפּעס אַזוינס, פון וואָס מיר קאָנען זיך מאַכן אַ בילד, ווען מיר טראַכטן, למשל, וועגן דער נאַטור פון דעם רוסישן מענטש, וועגן אַזעלכע טיפּן, ווי טאָלסטאָי שילדערט זיי פאַר אונז אין זיינע רוסישע

אַריסטאָקראַטן, זיין פּיער בעזוכאָוו, זיין קולטוזאָוו. דאָס זענען מענטשן פון שאַפערישן מהות, וועלכע פאַרמאָגן נאָך אין זיך כאַאָס און מיטאָס-קראַפט, וועלכע באַזיצן נישט צופיל לאָגיק, חריפות און קאָנסעקווענץ. אויב אונזער צייט שטייט אונטער דעם מאָטאָ: עס מוז געטאָן ווערן! — און: עס איז פאַרבאָטן! איז קאָן מען זאָגן, אַז דאָס מאָטאָ פון יענע צייטן און פעלקער איז געווען: ע ס  ט ו ט  ז י ך. איצט איז דאָס געוואָרן גאַנץ אַנדערש, דער מאָדערנער שטאַאט איז געקומען מיט זיינע דריי איינע נאָך דער אַנדערער פאָלגנדיקע טענדענצן: פון אַבסאָלוטער הערשער-געוואַלט, פון אַבסאָלוטער געזעצלעכקייט און פון נאַציאָנאַליזם.

די רעוואָלוציע, וועלכע האָט אין די הוסיטישע און פויערים-מלחמות און אין די גייסטיק-נאָנטע באַוועגונגען געפרווט דעמאָלט צום לעצטן מאָל איבערצואַנדערשן דאָס גאַנצע לעבן און קודם כל די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע צושטאַנדן, אָט די רעוואָלוציע לאָזט זיך איצט אַראָפּ אויף אַ שטאַפּל נידעריקער. אויף דעם אָרט פון דעם קריסטלעכן גייסט שטעלט זיך אַוועק די פּאָליטיק, אַפילו בעת עס האַנדלט זיך וועגן די אַזוי-גערופענע רעליגיעזע קאַמפן. די נעכסטע תקופה איז שוין פול מיט שטאַאט-מלחמות כלפי חוץ, מיט שטאַאט-מלחמות כלפי פנים (וועלכע מען רופט מייסטנס אָן רעליגיעזע מלחמות) און מיט פּאָליטישע רעוואָלוציעס, וועלכע טרעטן נישט אויף אין אַן אַבסטראַקטער איזאָלירטקייט, נאָר זענען ענג פאַרבונדן מיט רעליגיעזע מהומות, מלחמות, רייסעניש צווישן פּרעטענדענטן און הערשנדיקע מלכים. דידאָזיקע פּאָליטישע רעוואָלוציעס אַנטפלעקן זיך אין די קעפּ פון די מענטשן כמעט אומעטום צו דערזעלביקער צייט, און ביי די פעלקער שנעל איינס נאָך דעם אַנדערן אין די לענדער פון מערב-אייראָפּע: האָלאַנד, שאָטלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד. אָבער קודם כל האָט זיך די רעוואָלוציע אַנטפלעקט — נאָך איידער עס איז אַנטשטאַנען דער קאַמף פון די קירכן און אַ דאַנק אים די פאַרשטאַרקטע מאַכט פון די מלכים — אין יענעם לאַנד, פון

װעלכן עס שטאַמען שטענדיק די נײַע באַװעגונגען, װאָס לעבן אין גײַסט אַ סך פֿריער, אײדער עס באַװײַזן זיך קלאָר זײערע אױסערלעכע פֿאָרמען: אין דעם לאַנד אוטאָפּיע. דאָס בוך „אוטאָפּיע״ פֿון דעם ענגלענדער ט אָ מ אַ ס מ אָ ר, דערשינען אין יאָר 1518, איז דער ערשטער אױפֿטריט פֿון דעם נײַעם פּרינציפּ, װעלכער האָט זיך באַלד אײנגעבירגערט סײ בײַ די פּראָטעסטאַנטן, סײ בײַ די קאַטאָליקן, װעלכער האָט זיך קודם כּל געשפּײזט פֿון דעם פּראַנצױזישן און בכלל ראָמאַנישן גײַסט, װעלכער האָט זיך נאָך אָפּטמאָל אײנגעהילט אין דער שפּראַך פֿון רעליגיע, אָבער װעלכער האָט שױן מיט גרױסער שנעלקײט געשטרעבט צו װעלטלעכקײט. אמת, אָט דער נײַער פּרינציפּ איז געװען אַ סך קלענער און שמעלער װי דאָס, װאָס מיר האָבן ביז איצט אָנגערופֿן קריסטלעכער גײַסט, עס איז געװען צום גרעסטן טײל אַ פֿאָרם פֿון פֿאַרשטאַנד און פֿון דער חריפֿותדיקער, פֿון דעם אַלטערטום איבערגענומענער, לאָגיק. אָבער אין דעם פּרינציפּ איז געלעגן עפּעס מער. אין זײַן אַקטיװיטעט האָט דאָס טאַקע אױסגעזען נאָר װי קריטיק, נעגאַציע, רעבעליע, אָבער אין דעם האָט געלעבט אױך עפּעס שעפֿערישעס. דאָ איז געװען גײַסט, נישט געקוקט אױף דעם, װאָס ער האָט זיך באַגרענעצט מיט דעם סוראָגאַט פֿון געמײנשאַפֿטס-לעבן, מיט דעם שטאַאַט. דאָס נײַע איז געװען דער גײַסט פֿון דער ר ע פּ ו ב ל י ק, און די מענטשן, װעלכע האָבן אַלס פֿירער אָדער רעדנער אַרױסגעבראַכט און אַנטװיקלט אָט דעם גײַסט פֿון די איצט-קומענדיקע שטאַאַטס-רעװאָלוציעס, װעלן מיר אָנרופֿן מיט דעם באַקאַנטן נאָמען מ אָ נ אַ ר כ אָ-מ אַ כ ן (באַקעמפֿער פֿון דער מאָנאַרכיע).

טאָמאַס מאָר האָט מיט האַרץ שאַרף קריטיקירט די צושטאַנדן, װעלכע ער האָט געזען, און האָט באַװיזן אין זײַן „אוטאָפּיע״ אַ לאַנד, װעלכעס פֿאַרנעמט זיך בשלום מיט אַרבעט, װיסנשאַפֿט און קונסט, װאָס װײס נישט פֿון קײן שום אונטערשײדן פֿון שטאַנדן, װאָס האָט צוליב פּראַקטישע טעמים אַ פֿירשט אין זײַן שפּיץ, װעלכער װערט אָבער געװײלט, װי

אַלע באַאַמטע, דורכן פאָלק. אין דעם אוטאָפּיע-לאַנד ווערן טאָ-
לערירט די פאַרשיידנסטע אמונות, ווייל אַלס מלוכה-רעליגיע
פאַראייניקט אַלע בירגער בלויז איין מין דעאיזם: די עפנט-
לעכע פאַרערונג פון דער גאָטהייט. אַלע באַזונדערע רעליגיעס
זענען אינדיווידועלע פּריוואַט-זאַכן, ווייל אומאָפּהענגיק פון אַלע
אמונות איז דאָ אַ מאָראַל, וועלכע בינדט-צונויף אויף אַ
ריין-וועלטלעכן יסוד אַלע בירגער. ס'איז באַקאַנט, אַז טאָמאַס
מאָר איז שפּעטער אַלס מלוכה-קאַנצלער פון הייגריך VIII
געשיקט געוואָרן אויפן עשאַפאָט. אין אָט דעם ענגלאַנד פון
הייגריך VIII זעען מיר טאַקע אין דער שאַרפסטער פאָרם
יענעם רעזשים. וועלכער האָט אַרויסגערופן קעגן זיך די איי-
ראָפּעאישע מלוכה-רעוואָלוציעס: די טיראַניע פון די אַבסאָלו-
טיסטישע מלכים, וועלכע שטיצט זיך אויף די נייע לערעס
פון פּראָטעסטאַנטיזם. דאָס וואָרט טיראַניע פּאַסט דאָ אַמבעסטן,
ווייל דער באַגריף טיראַן איז טאַקע דעמאָלט ווידער אויפגע-
קומען אַלס די ספּעציפישע באַצייכענונג פון אַ הערשער, וועל-
כער צעטרעט די אַלטע טראַדיציאָנעלע רעכט און קומט אין
אַ קאָנפליקט מיט דעם ווילן פון פאָלק אָדער פון זיינע פאַר-
טרעטער. אין קאַמף קעגן דידאָזיקע טיראַנען האָבן די מאָ-
נאַרכאָמאַכן אָנגעהויבן צו פירן די גרויסע אייראָפּעאישע
שטאַאַט-רעוואָלוציע און האָבן געפּרווט אויסצובויען פעסטע
מלוכות אַלס אַ פאָרם פון אַ פרייען און געזונטן, דורך גע-
זעצן געזיכערטן, געמיינשאַפטס-לעבן פון מענטשן. אין דעמדאָ-
זיקן פּרווו האָבן זיך פאַראייניקט צוויי אַרטן פון באַשטרעבונ-
גען: די באַשטרעבונג פון דער טראַדיציע אויפצוריכטן און
אויסצובויען די אַלטע אינסטיטוציעס פון פעדעראַליזם, פון די
שטאַנדן און פאַרלאַמענטן, פון די געהתמעטע און באַשוואָרענע
אָפּמאַכן, — און די באַשטרעבונגען פון דעם פאַרשטאַנד
אַרויסצוגעפינען און צו פאָרמולירן אין פרייען אַנטשלוס דאָס
ריכטיקע, דאָס פּאַסנדיקע און נאַטירלעכע, און צו באַזייטיקן
דאָס שלעכטע, פאַרדאָרבענע און אומנאַטירלעכע. דער שטאַאַט,
געשטיצט אויף דעם רוימישן רעכט און אויף די לערעס פון

פראָטעסטאַנטיזם, איז געקומען אויף דער וועלט אַלס אַבסאָלו־טיזם און אומבאַשרענקטע מאַכט פון די מלכים; איצט, גע־שטיצט אויפן גייסט פון דעם אַלטערטום און אויף דער ניי־געבאָרענער ליבע צו אינדיווידועלער פרייהייט, האָט דער שטאַאט געוואָלט מאַכן אַ שריט ווייטער און פאַרוואַנדלען זיך אין אַן אומפּאַסנדיקע פּאָליטישע געמיינשאַפט פון אַ נאַציע.

מיר ווייסן שוין פון פריער, אַז דאָס, וואָס איז שוין אָפּגעשטאָרבן אַלס גייסט, לעבט נאָך שפּעטער לאַנג אין דעם פאַרשטאַנד פון די יחידים אַלס מיינונג, אָדער איבערצייגונג, אָדער אַלס אמונה־פּרינציפּ. דעריבער איז אונז קלאָר, אַז אויך די דאָזיקע פּאָליטישע רעוואָלוציע האָט ביי אירע בעסטע פאַר־טרעטער געטראָגן אַ רעליגיעזן לבוש. דערביי איז אָבער נישט געווען קיין חלוק צווישן קאַטוילישן און פּראָטעסטאַנטישן גלויבן, און עס איז אַבסאָלוט פאַלש, ווען מען וויל אויס־טייטשן די באַזונדער־ראַדיקאַלע ריכטונגען אַלס קאַמף פון דער קאַטויליש־יעזואיטישער נידערטרעכטיקייט קעגן די פּראָטעס־טאַנטישע פירשטן. אין פראַנקרייך, אין דעם לאַנד, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון דער ערשטער גרויסער מלוכה־רעוואָלוציע, זעען מיר טאַקע, ווי דער פּראָטעסטאַנטיזם און קאַטאָליציזם טרעטן אויף כּמעט בשותּפותדיק, ווי פּראָטעסטאַנטישע מאָנאַר־כאָמאַכן ווערן די גייסטיקע פירער פון אַ קאַטוילישער רעוואָ־לוציאָנערער פאָלקס־באַוועגונג. פון דער אַנדער זייט זעען מיר, ווי דער מענטש, וועלכער איז געווען דער שטאַרקסטער אויס־דרוק פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע (אגב נישט קיין קעמפער, נאָר אַן איינזאַמער שרייבער), שטייט אין זיין בוך מחוץ פון יעדער אמונה און אַלע אַרטן פון קריסטנטום און קעמפט נאָר מיט די כּלי זין פון לאָגיק, וועלטלעכקייט און אינדיווי־דואַליזם. דאָס איז געווען עטיען דע לאַ באָעטי, דער גרויסער פריינט פון דעם באַרימטן מאָנטען. אָט דער וועלטלעך־פרייער פראַנצויזישער גייסט האָט עס אין די נעכסטע יאָרהונדערטער געמאַכט פראַנקרייך פאַר דעם פּי־

רער פון אייראָפּע, און נישט זיין צענזאָריסטישער צענטראַליזם און זיינע זיגרייכע מלכים.

## V. די רעפּובליק און די מאָנאַרכאָמאַכן

אין דעם ענגלאַנד פון הײנריך VIII, אין וועלכן די פאַרבינדונג פון פּראָטעסטאַנטיזם און הערשער-געוואַלט האָט געפונען איר שאַרפסטע פאָרם, אין וועלכן אָבער דאָס לעבן איז נאָך אַמשטאַרקסטן געווען אויסגעפילט מיט געמיינשאַפטלעכן גייסט און די אינסטיטוציעס פון דער קריסטלעכער תקופה האָבן זיך נאָך אַמשטאַרקסטן געווערט קעגן דאָס רוימישע רעכט, — אָט אין דעם ענגלאַנד האָט צוערשט אויסגעבראָכן דער קאַמף פאַר אַ מאָדערנעם שטאַט, פאַר דער רעפּובליק (מיר געברויכן דאָס וואָרט אין זיין ברייטסטן זינען). עס איז דאָ נישט אונזער אויפגאַבע צו פאַרפאָלגן גענוי די פאָלקס-באַוועגונגען און די אינערלעכע מלחמות, עס האַנדלט זיך דאָ פאַר אונז נאָר וועגן אַ שטיק גייסטיקער געשיכטע. כדי אָבער צו כאַראַקטעריזירן אָט די עפּאָכע פון דעם זיך אָנהויבנדיקן אינדיווידואַליזם און די פאָלקס-באַוועגונגען, וואָס זענען פון אים באַאיינפלוסט, איז עס נויטיק אָנצווייזן אויף דער טעטיקייט פון די איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע האָבן פאַרקערפּערט דעם נייעם גייסט און דעם שטאַט. דער בישאָף דזשאָן פּאָינע איז געווען יענער מענטש אין ענגלאַנד, וועלכער האָט אַלס ערשטער פּראָקלאַמירט דאָס נייע און פאָרמולירט אין אַ קלאָרער פאָרם די אַלע פראַגן, וועגן וועלכע עס האָט זיך געהאַנדלט אין די פאָלגנדיקע יאָרהונדערטער. אויב מיר וועלן דאָ באַלד ברענגען באַריכות דעם גאַנצן נאָמען פון זיין שריפט, וועלכע איז דערשינען אין יאָר 1556, וועלן מיר דערמיט גופא אָנצייכענען דעם אינהאַלט פון אַלע מערב-אייראָפּעאישע קאַמפן פון יענע תקופות. אָט איז דער נאָמען: „אַ קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן פּאָליטישער מאַכט און וועגן דער אמתער הכנעה, וועלכע די אונטערטאַנען מוזן אַרויסווייזן לגבי

מלכים און אַנדערע וועלטלעכע הערשער, אַלס ענטפער אויף דידאַזיקע זיבן פראַגן:

1. פונוואַנען וואַקסט אַרויס די פּאָליטישע מאַכט, צוואָס ווערט זי איינגעפירט, וועלכע זענען איר ריכטיקע אָנווענדונג און התחייבותן?

2. צי באַזיצן מלכים, פירשטן און אַנדערע הערשער אַן אַבסאָלוטע מאַכט און אויטאָריטעט איבער זייערע אונטערטאַנען?

3. צי זענען קעניגן, פירשטן און אַנדערע פּאָליטישע הערשער אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון גאָט און די פּאָזיטיווע געזעצן פון זייערע לענדער?

4. אין וועלכע זאַכן און אין וואָס פאַר אַ מאָס זענען די אונטערטאַנען פאַרפליכטעט צו הערן זייערע פירשטן און הערשער?

5. צי זענען אַלע גיטער פון די אונטערטאַנען אַן אייגנטום פון קייזער אָדער קעניג און צי מעגן די פירשטן לויטן געזעץ איבערנעמען זיי אין זייער אייגנטום?

6. צי איז דאָס געזעצלעך אַראָפּצוזעצן פון דער ממשלה אַ וועלטלעכן הערשער און צו טויטן אַ טיראַן?

7. וואָס פאַר אַ צוטרוי דאַרף הערשן צווישן די פירשטן און מאַכטהאָבער גופא?”

אַזעלכע אַזעלכע פראַגן הייסט, פאַרשטייט זיך, ענטפערן אויף זיי. דעריבער האָט דער היסטאָריקער גרעטס אַ פּאָר יאָר פאַר 1848 גאַנץ ריכטיק געזאָגט, בעת ער האָט אָפּגעגעבן זיין אורטייל וועגן דערדאָזיקער שריפט: „ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אפילו די ערגסטע דעמאַגאָגן פון אונזער צייט קאָנען נישט האָבן קיין געפערלעכערע אידעען, ווי די, וואָס זענען דאָ אויסגעדריקט”. דאָס איז טאַקע ריכטיק, ווייל מיר וועלן נאָך אָפּטער זען, אַז אין די תקופות פון איבערגאַנג באַוועגט זיך די צייט זייער לאַנגזאַם און אַז די רעוואָלוציעס מוזן שטענדיק איבערחזרן דעמזעלביקן אינהאַלט. אָט דער היסטאָריקער וואָלט טאַקע געדאַרפט מוסיף זיין, אַז

די געפערלעכע אידעען פון די דעמאַגאָגן און רעוואָלוציאָנערן
פון זיין צייט וואַקסן ארויס פון יענע צושטאַנדן פון XVI
יאָרהונדערט, וועלכע האָבן זיך פאַרצויגן נאָך ביז אין די
פערציקער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט. זעלבסטפאַרשטענדלעך
וואַקסט אַרויס אויך אָט דער דזשאָן פאָינע מיט זיינע ראַדי-
קאַלע פראַגן און פאַרבאַהאַלטענע לאָגישע ענטפערן פון די
פריערדיקע טראַדיציעס; ווייל עס איז שוין תמיד געווען אזוי,
אַז ווו נאָר עס פלעגט זיך פאַרפעסטיקן אַ טיראַנישע געוואַלט,
פלעגט אויף דער קעגנזייט אויפקומען די ליבע צו פרייהייט,
וועלכע פלעגט זיך שאַפן דערצו איר אייגענע טעאָריע. אָט
אַזוי איז, למשל, אין דער צייט פון דעם קייזער הענריך IV
אויפגעטרעטן דער דייטשישער מאָנאַך מאַנגאָלד פאָן לאַאוטענ-
באַך און האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מ׳זאָל אַ קעניג, וועלכער האָט
זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טיראַן און האָט דערמיט געבראָכן דעם
אָפּמאַך מיטן פאָלק, אַרויסיאָגן, ווי אַ חזיר-פאַסטוך אַ גנב,
אָדער מען זאָל נאָכפאָלגן דעם ביישפּיל פון ברוטוסן אין רוים.
און אַז פרידריך באַרבאַראָסאַ און זיינע יוריסטן האָבן ווידער
געוואָלט מחיה מתים זיין דעם רוימישן צעזאַריזם, האָט דע-
מאָלט דער באַרימטער סכאָלאַסטיקער יאָהאַן פאָן סאַליסבורי
פאַרעפנטלעכקייט זיין לערע וועגן שטאַט, לויט וועלכער דער
פירשט מוז זיין נאָר „דער שקלאַף פון גערעכטיקייט און דער
דינער פון דעם אַלגעמיינעם נוצן“, וועט ער אָבער אָפּווייכן
דערפון, וועט ער מיסברויכן מיט דער מאַכט, וואָס איז אים אָנפאַר-
טרויט, דעמאָלט איז ער אַ טיראַן און אַ טויט-פיינט פון דער
געמיינשאַפט, — און עס איז נישט נאָר דערלויבט, נאָר ס׳איז
אַ הייליקע פליכט אים צו טויטן. און אַז שפּעטער אַ ביסל
האָבן די איטאַליענישע שטאָט-רעפּובליקן געמוזט קעמפן פאַר
זייער פרייהייט, האָט מאַרסיליוס פון פאַדואַ קאָנסטרואירט אַ
סיסטעם פון דעמאָקראַטיע, וואָס אין איר שפּיץ שטייט דער
Civis principans (דער פירשטלעכער פרעזידענט), וועלכער קאָן
שטענדיק אַראָפּגעזעצט ווערן דורך דעם קאָלעקטיוו פון די
בירגער, וועלכע בילדן די געזעצגעבערישע מאַכט און פאַר-

ווירקלעכן זי דורך זייערע עקספּערטן, די פּאַרלאַמענטאַריער. און נאָך אים האָבן אויך פּאָדושיאָ, אַרעטינאָ און באַזונדער מאַקיאַוועלי אַרויסגעזאָגט אַ סך שטאַרקע ווערטער לטובת דער רעפּובליק און קעגן דער מאַכט פון די פירשטן. איצט איז דאָס אָבער געקומען דערצו, אַז די מאַכט פון די פירשטן האָט זיך פּאַרפּעסטיקט און אַז אירע באַקעמפּער זענען שוין מער נישט געווען פּאַראייַנצלטע רעבעלן, נאָר גאַנצע רעוואָלוציאָנערע נאַציעס. עס האָט זיך שוין פּאַנאַנדערגעפלאַקערט דער גרויסער פרייהייטס-קאַמף פון די האָלענדער אונטער דער פירונג פון ווילהעלם אָראַניער קעגן זייער קעניג פיליפּ II פון שפּאַניע. אָט דער רעוואָלוציאָנערער קריג פּאַרענדיקט זיך מיט אַ נצחון, דער נייער גייסט שאַפט זיך מיטן כח פון וואָפן און דיפּלאָמאַטיע די ערשטע אייראָפּעאישע מלוכה-רעפּובליק: אין יאָר 1581 קומט זיך צונויף דער האָלענדישער פּאַרלאַמענט.

דערווייל איז אין פראַנקרייך, אונטער דעם פּאַטראָנאַט פון דער קעניגין קאַטערינאַ פאָן מעדיטשי, דורכגעפירט געוואָרן די באַרטאָלאָמעאוס-נאַכט און די פראַנצויזן זענען געשטאַנען נאָנט פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. די פראַנצויזישע קאַטאָליקן אין הוגענאָטן, גייסטלעכע, געלערנטע, פּאָליטיקער און פּאָלק האָבן פּאַרפאָלגט די געשעענישן אין האָלאַנד מיט לייַדנשאַפטלעכן, אָפט אַקטיוון אינטערעס. און טאַקע בעת די האָלענדישע רעוואָלוציע איז פּאָרגעקומען האָבן צוויי פראַנצויזישע פּאָליטיקער געגומען ווייטער פירן דעם קאַמף פון פּאָיגע. כמעט גלייכצייטיק האָט אין די זיבעציקער יאָרן פון XVI יאָרהונדערט דער באַרימטער יוריסט פ ר אַ נ ס ו אַ אָ ט מ אַ ן פּאַרעפנטלעכט זיין ווערק „פראַנקאָ-גאַליאַ", און דער גרויסער שטאַאַטסמאַן א י ב ע ר ל אַ נ ג ע, אונטער דעם פּסעאודאָנים עטיען יוניוס ברוטוס, זיין שריפט „טענות קעגן די טיראַנען". ביידע זענען זיי געווען פּראָטעסטאַנטן, אָבער פון דעם באַזונדערן שניט פון פראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטן, וועלכע האָבן אַממייסטן בייגעטראָגן דערצו, אַז אין דעם גייסט פון זייער פּאָלק זאָל אויפן אָרט פון דעם טויטן

קריסטנטום אויפקומען אַ לעבעדיקע וועלטלעכקייט, און אויפן אָרט פון דער אידעע פון דעם גאָט-געקרוינטן אַבסאָלוטן מאָנאַרך זאָל אויפקומען די אידעע פון פאָלקס-גליק אין אַ פּולקאָם-קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַאַט. היות אָבער ווי אַזעלכע מאָדערנע פּאָליטיקער זענען אין זייער אייגענעם פאָטערלאַנד געווען פאַרפאָלגט, האָבן זיי דערווייל געמוזט, אַזוי צו זאָגן, פאַרדינגען זייער לעבעדיקן גייסט פרעמדע פּראָטעסטאַנטישע פירשטן, ראשית כּל די דייטשישע, און אַזוי אַרום פון דרויסן דינען זייער פאָטערלאַנד. פונקט אַזוי ווי די קאַטוי־לישע פירשטן האָבן שוין מער נישט געקאָנט אויסקומען אָן דעם מאָדערנעם, לאָגיש-אַנטוויקלטן, באַוועגלעכן, מיט די אַלע ענינים פון דער וועלט פאַרטרויטן, גייסט פון די יעזואיטן, פונקט אַזוי האָבן די פּראָטעסטאַנטישע פירשטן נישט געקאָנט באַגיין זיך אָן די פראַנצויזישע הוגענאָטן. אַזוי אַרום האָבן אויך אָטמאַן און לאַנגע אַ לאַנגע צייט נאָכאַנאַנד געדינט פאַרשיי פירשטן, און וועגן ביידע פון זיי קאָן מען זאָגן דאָס, וואָס איינער אַ פּאָליטיקער האָט געזאָגט וועגן לאַנגע: „פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער וועלט האָט ער אַרויסגעטראָגן נאָר איין זאַך: פאַראַכטונג צו דער וועלט". סוף כּל סוף זענען זיי ביידע מיטגעריסן געוואָרן פון דער האָלענדישער רעוואָלוציע און האָבן פאַרעפנטלעכט זייערע ווערק, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם פראַנצויזישן איבערקער. אין זיין שריפט „פראַנקאָ-גאַליאַ", וואָס איז פול אָנגעפּיקעוועט מיט שאַרפע ווערטער און רמזים, ווייזט אָטמאַן אויף, אַז דאָס קעניגטום איז אין פראַנקרייך פון שטענדיק-אָן געווען אַ געוויילטס און אַז אויך איצט מוזן די קעניגן ווערן געוויילט און קודם כּל אָראָפּגעזעצט דורך די שטאַנדן. לאַנגע, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ וווּנדערבאַר-פּאַטעטישע און שאַרפזיניקע שפּראַך, איז אַ סך אַרומגעפאָרן, האָט זיך פאַרקליבן אַזש אין דעם צפונדיקן לאַפּלאַנד און האָט זיך אַנטוויקלט אין זיין פּילזייטיקער פּאָליטישער טעטיקייט אַלס אַ פרייער און זעלבּ־שטענדיק-דענקענדיקער מענטש. ער דערציילט, אַז אין לאַפּלאַנד,

ווי ער האָט אָנגעטראָפן אַ פֿאָלק מיט אור־אַלטע געטשנדינעריש־זיטן, האָט ער עפּעס אַזוינס געלערנט, וואָס ער וואָלט דאָס אין ערגעץ נישט געקאָנט דערגיין. ער האָט דאָ מסתּמא באַגריפֿן די אומוויכטיקייט פֿון אַלע מינים קאָנפֿעסיאָנעלע פֿאָרמען, די חשיבֿות און דעם אַדל פֿון מענטשן אין יעטוועדער געשטאַלט; אפשר האָט ער דאָ דערקענט אויך דעם געבאָט: פּנים אל פּנים מיט דער האַרטער נאַטור צו זיין שטרענג קעגן זיך גופֿא און מוטיק אייַנצושטעלן זיך פֿאַר אַן אידעע. אָט די מענטשן־רעבעלן, וועלכע קומען־אויף אין דער פֿרייער וועלטלעכקייט, זענען איבערלעך שוין אויך אָפּגעריסן פֿון אַ צוזאַמענהאַנג מיט זייער פֿאָלק, וועמעס פֿאָרקעמפֿער זיי זענען דאָך אייגנטלעך. אָט אַזעלכער איז לאַנגע אין זיין לעבן, אין זיינע בריף, ראשית כּל אין זיין ווערק „טענות קעגן די טיראַנען". לאַנגע ווייס אַבסאָלוט קלאָר, אַז די פֿעלקער און די קולטורן ווערן געשאַפֿן און אַנטוויקלט דורך דעם גייסט. דער גייסט, וועלכער שטייט פֿאַר זיינע אויגן, ווי פֿאַר די אויגן פֿון דידאָזיקע אַלע פּיאָנערן, איז אָבער נאָר דער גייסט פֿון דער רעפּובליק: „דאָס געזעץ איז דער גייסט אָדער אויך די פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון די גייסטער אין זייער איינהייט; דער גייסט איז אָבער אַ טייל פֿון דעם געטלעכן אָטעם". די הקרות, די יאָגעניש נאָך מאַכט, די גרויזאַמקייט, וואָס מיר וואָלטן דאָס אָנגערופֿן אומסאָציאַל, באַצייכנט ער אַלס אומגעזעצלעך און חיהשדיק, און קומט צו דעם אויספֿיר: „דער, וואָס וויל בעסער הערן דעם קעניג איידער דעם געזעץ, וויל מסתּמא בעסער האָבן די ממשלה פֿון אַ חיה, איידער די ממשלה פֿון גאָט". דאָ קאָן מען פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס איך האַלט, אַז דידאָזיקע טענדענץ צו דער רעפּובליק איז געווען נישט נאָר אַן ענין פֿון פֿאַרשטאַנד, נאָר טאַקע אויך אַ שעפֿערישער גייסט. פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע פֿאָרקעמפֿער פֿון יענער תּקופֿה האָבן שטאַט און געזעץ באַטייט גאָט אין דעם מענטש, מענטשן־פֿאַרבינדנדיקער כּח. „רעפּובליק" איז דעמאָלט געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פֿון די יחידים

און האָט זיי פאַרבונדן צו אַ העכערער אָרגאַניזאַציע און צו
אַ געמיינשאַפט. דאָס איז געווען די איינציקע איינהייט, וועלכע
איז פאַרבליבן אין יענער צייט. דאָס טראַגישע באַשטייט אָבער
אין דעם, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט (אָדער פאַרשטייען
עס די מענטשן נאָך עד היום נישט?), אַז דערדאָזיקער גייסט
איז געמיינשאַפטלעך, געטלעך און וואַרם נאָר אין דער אַטאַקע
און אין דער רעוואָלוציאָנערער רעבעליע. אַז אָבער אין תוך
ברענגט ער גאָרנישט פּאָזיטיוועס, שעפערישעס
און באמת-געמיינשאַפטלעכעס. אַז ווי נאָר דער קאַמף הערט-
אויף, ברענגט ער אַרויס דאָסזעלבע, וואָס ער האָט פריער
באַקעמפט: די געוואַלט פון דרויסן. דערפאַר טאַקע זענען
אין דערדאָזיקער עפּאָכע יענע מענטשן די גרעסטע, וועלכע
קאָנען אויפן שטאַרקסטן און גענויאַסטן אופן קריטיקירן,
וועלכע זענען אימשטאַנד אַריינצודרינגען מיט זייער קריטיק
אין דער נשמה פון דעם פאָלק און פון די אונטערטאַנען. לאַנגע
איז כמעט געוואָרן אַזאַ מין קריטיקער, מער נישט ער טראָגט
נאָך מיט זיך דעם מילדן, געמיינשאַפטלעכן, פּאָזיטיוון גייסט
פון דער פריערדיקער צייט. „און ווייל מיר אַלע צוזאַמען אין
דער קאָלעקטיווטעט זענען האַרן, — זאָגט ער, — דערפאַר
שטייען מיר אַלע, אַלס יחידים, איינער צו דעם אַנדערן ווי
ברידער אָדער קרובים”. דערפאַר שטיצט ער זיך אויך ווייני-
קער, ווי די אַנדערע אין זיין צייט, אויף די פאָדערונגען פון
דעם פאַרשטאַנד אָדער אויף דעם נאַטור-צושטאַנד פון דעם
גאָלדענעם צייט-אַלטער; ער שטיצט זיך הויפּטזעכלעך אויף
די פרייהייטלעך-פעדעראַטיווע טראַדיציעס און אינסטיטוציעס
פון דעם מיטלאַלטער: די געחתמעטע און באַשוואָרענע אָפּ-
מאַכן, די פאַרלאַמענטן און מוניציפּאַליטעטן, און ראשית כל
אויף דער טראַדיציע פון ווילן דעם קעניג דורכן פאָלק. אין
שפּאַניע, למשל, — זאָגט ער — איז דאָס געווען אַ טראַדיציע
זינט יאָרהונדערטער, אַז ווען אַ קעניג פלעגט ברעכן די שבועה
צום פאָלק, פלעגט די קירך אים פאַרפלוכן און פּראָקלאַמירן
קעגן אים דעם גרויסן חרם: ער פלעגט דערקלערט געוואָרן מחוץ

פון יעדן געזעץ און איבערגעגעבן אין יעטוועדערנס האַנט. אָבער דידאַזיקע טראַדיציעס זענען פאַרגעסן געוואָרן. „עס איז דאָך בכלל אַזוי, אַז קיינער זאָרגט נישט וועגן דעם, וועגן וואָס אַלע האָבן געדאַרפט זאָרגן". „די הוצפה פון די קעניגן, די פוילקייט און די געזעצלאָזיקייט פון זייערע באַאַמטע זענען תמיד און אומעטום געווען אַזוי גרויס, אַז די מלכים האָבן גענומען האַלטן, אַז זיי האָבן זיך דערוואָרבן דאָס רעכט אויף דער הפקרות דורך עפּעס אַ מין חזקה... אָבער די יאָרן פון דער חזקה פאַרמינערן נישט אויף אַ האָר די רעכט פון פאָלק, זיי פאַרשטאַרקן נאָר דאָס אומרעכט פון קעניג". לאַנגע האָט דערמיט, כמעט ווי אַ נביא, פאָראויסגעזאָגט דעם גורל פון זיין לאַנד און פון זיינע מלכים, די גרויסע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אויסגעבראָכן אייניקע יאָר שפּעטער און האָט אָפּגענומען דאָס לעבן ביי צוויי מלכים, — און איז געוואָרן טאַקע באַזיגט. די אַבסאָלוטע הערשאַפט איז ווי־דער געקומען צו דער מאַכט און עס האָבן זיך באַוויזן די לודוויקס. אָבער דאָס אומרעכט פון די מלכים — אַזוי הילכן אָפּ די ווערטער פון לאַנגע — גייט אַריבער בירושה צו זייערע נאָכפאָלגער. צוויי הונדערט יאָר נאָכדעם, ווי היינריך דער III איז געפאַלן אונטער דעם מעסער, האָט ווידער אויסגעבראָכן דיזעלביקע, לאַנג־פאַרשאָטענע רעוואָלוציע, און לודוויק דער XVI, וועלכער האָט מיט שוואַכע הענט פאַרוואַלטעט מיט דער ירושה פון זיינע אבות, איז געשטאָרבן אונטער מעסער פון דער גילאָטינע.

אַלץ מער און מער זענען די פירשטן אַרומגעצאַמט גע־וואָרן פון דעם פאָלק און פון די מענטשן פון גייסט. אַן ערך אין דערזעלבער צייט האָט דער גרויסער שאָטלענדער דזשאָרדזש ביוקענען (באַרימט אַלס סאַטיריקער, דיכטער און היסטאָריקער), בעת די קאַמפן פון די שאָטלענ־דער קעגן מאַריאַ סטואַרט, אויך אָנגעהויבן אַלס 73־יאָריקער מענטש דעם קאַמף אין זיין דיאַלאָג „איבער דעם רעכט פון אַ קעניג ביי די שאָטלענדער". „און וואָס זאָלן מיר זאָגן —

רופט ער אויס — וועגן אַ טיראַן, וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן פיינט, מיט וועמען אַלע גוטע מענטשן געפינען זיך אין אַן אייביקער מלחמה? צי טאָר דען נישט כאָטש איינער פון דער גאַנצער מענטשהייט אַרויפוואַרפן אויף אים די גאַנצע שטראָף פאַר אָט דער מלחמה?” מיר זעען, אַז אין דערדאָזיקער צייט האָט מען לחלוטין נישט געדאַרפט וואַרטן אויף די יעזואיטן, כדי צו פּראָקלאַמירן אַזעלכע טעאָריעס פון טעראָריסטישן אינדיווידועלן קאַמף. ביוקענען איז געשטאַנען צו דעם פּראָטעסטאַנטיזם אַ סך נענטער, איידער צו דער קאַטוילישער קירך, הגם דערדאָזיקער פרייער מענטש האָט, אייגנטלעך, נישט געהערט צו קיין שום גלויבן. ער איז געווען אַ פריינט פון מאָנטען, הגם ווייניקער פאַרזיכטיק, ווי יענער. איינער פון זיינע תלמידים אין פּאַריז איז געווען דער גאָר יונגער ע ט י ע ן ד ע ל אַ ב אָ ע ט י, וועלכער האָט חייט אַריבערגעשטיגן זיין רבין נישט נאָר אין דער ענערגיע און דער דיכטערישער קראַפט פון זיין שפּראַך, נאָר קודם כּל אין דער געניאַליטעט פון זיינע אוניווערסאַלע געדאַנקען.

פראַנקרייך האָט מען שוין מער נישט געקאָנט האַלטן אין צוים. אַז הײנריך דער III האָט פאַרלאָזן דעם טראָן פון פּוילן, כדי נישט צו פאַרלירן דעם טראָן אין פראַנקרייך, און אָט דער ברוטאַלער פייגלינג און צביעותדיקער פרומאַק איז געוואָרן אַ קעניג, איז דאָס איידעלע פראַנצויזישע פאָלק שוין געווען רייף פאַר דער רעוואָלוציע. מען באַטראַכט געוויינלעך די קאַמפן פון דער דעמאָלטיקער „ליגע” קעגן הײנריך III אַלס אַ מלחמה פון קאַטאָליקן קעגן הוגענאָטן און אַלס אַ קאַמף פון צוויי פּרעטענדענטן צווישן זיך. אין דער אמתן אָבער איז דאָס געווען אַ פעדעראַטיוו-רעפּובליקאַנישע רעוואָלוציע קעגן דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע אין דעם נאָמען פון די אַלטע רעכט און פרייהייטן; דער גייסט פון אָט דער רעוואָלוציע האָט אַנטהאַלטן אין זיך סיי עלעמענטן פון די אַלטע פרייהייטלעך-קריסטלעכע פאַרבאַנדן, סיי די נייע עלעמענטן פון פאַרשטאַנד און געזעץ, אויפגעבויטע אויף דעם

אלטערטום און אינדיווידואליזם. די ערשטע זענען געגאנגען אין קאמף די שטאט-געמיינדעס, אין דער ערשטער ריי די קאמונע פון פאריז מיט אירע 16 פון פאלק געוויילטע פארטרעטער פון די קווארטאלן. די באוועגונג האט זיך אלץ מער און מער קאנצענטרירט אויף דעם פראגראם: ארופצווארפן די ממשלה פון קעניג, צו פארוואנדלען פאריז אין א פרייע שטאט-רעפובליק, דערנאך צוזאמענצורופן די שטאנדן און, לויט דעם ביישפיל פון האלאנד, צו פראקלאמירן פראנקרייך אלס פרייער שטאאט. א ים פון ווילדע רעוואלוציאנערע פלוגבלעטער האט זיך אויסגעגאסן איבערן לאנד. אין דער פאדערשטער ריי האבן געקעמפט פאר פרייהייט און פאלקס-רעכט די גייסטלעכע. די גלחים פון פאריז האבן ארויסגעלאזן א פראקלאמאציע מכח דעם, אז „די אסיפה פון די שטאנדן באזיצט די עפנטלעכע מאכט און די העכסטע סוווערעניטעט, כדי צו בינדן זיך און צו באפרייען זיך פון די הערשער". דער גלח בושע האט דערקלערט, אז „א פירשט קומט ארויס פון דעם פאלק, אבער נישט אויפן יסוד פון א ירושה-געזעץ אדער גאר געוואלט, נאר אויפן יסוד פון פרייע וואלן". און אן אנדער גלח פיזשעגא האט אויסגערופן, אז גאט רעדט נאר דורך דער שטים פון פאלק: „Vox populi, vox Dei" דאס איז שוין נישט געווען בלויז דער אלטער קריסטלעכער גייסט, וועלכער זאל, להיפך צו דער פראטעסטאנטישער פאדערונג פון מלכות, זיין געקומען צום פארשטאנד און צו רעבעלישע ווערטער; דאס איז גיכער געווען, באוווסט אדער אומבאוווסט, די געווינטע קריסטלעכע פארם פאר דעם שעפערישן נייעם גייסט פון דער דעמאקראטישער מלוכה-אידעע. צו די גלחים זענען צוגעשטאנען די געלערנטע. דעם 29 דעצעמבער 1587 האט די סארבאנע אויפגעשטעלט דעם פרינציפ, אז „ביי אזעלכע פירשטן, וועלכע ווייזן זיך ארויס אלס אומפעאיקע צום רעגירן, מעג מען אפנעמען די מאכט פונקט אזוי, ווי דאס געריכט נעמט צוריק די ציווילע מאכט ביי דעם חשוד-געווארענעם אפיטרופוס".

און אַט איז אין מאַי 1588 געקומען דער טאָג פון די באַריקאַדן: דאָס פאָלק פון פּאַריז האָט זיך באַוואָפנטערהייט פאַרזאַמלט אויף די גאַסן, האָבנדיק בראש די 16 קוואַרטאַל-פאַרטרעטער און די גלחים. אַט אַזוי האָט מען זיגרייך מאַרשירט צום לוווּר, „כדי אַרויסצוצווינגען דעם ברודער היינריך אַ נזירישן נדר". דער קעניג איז אָבער דערווייל אַנטלאָפן. אַ קורצע צייט האָט זיך געדוכט, אַז דאָס פאָלק האָט אַזוי ווי אין האָלאַנד געזיגט: אין חודש דעצעמבער האָט מען גענומען אין שטורעם די באַסטיליע, וועלכע איז שוין דעמאָלט געווען דער סימבאָל פון אַבסאָלוטיזם, — וואָס האָט זיך מיט חוצפּה אַריינגעזעצט אין דעם סאַמע מיטן פון דער האַרע-פאַשנער באַפעלקערונג, — און אויך דעם אַרסענאַל. די סאַר-באָנע איז איבערגעגאַנגען פון מלוכהשער טעאָריע צו פּראַק-טישע אויספירן. זי האָט דערקלערט, אַז דאָס פאָלק איז פריי פון זיין אונטערטאַן-פליכט און אַז היינריך III איז פון איצט אָן מחוץ פון געזעץ, פונקט אַזוי ווי לאַנגע האָט דאָס מיט 10 יאָר צוריק באַריכטעט וועגן די מלכים פון שפּאַניע. אַט אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז דעם 1-טן אויגוסט 1581 איז היינריך III געהרגעט געוואָרן דורך יעקב קלעמאַן, אַ יונגן דאָמיניקאַנישן מאָנאַך. כמעט גענוי 200 יאָר שפּעטער האָט די קאָמונע פון פּאַריז אָנגעהויבן ווידער די רעוואָלוציע, האָט ווידער גענומען אין שטורעם די באַסטיליע (זעלבסטפאַר-שטענדלעך נישט לשם דער באַפרייאונג פון די געפאַנגענע, ווי דאָס מיינען עד היום נאָך אַ סך מענטשן און וואונדערן זיך דערביי, ווי ווייניק געפאַנגענע עס זענען דאָרטן געווען), האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד; און פונקט דעם 4-טן אוי-גוסט 1789 האָט די פראַנצויזישע נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג אָפּ-געשאַפט אַלע פעאָדאַלע רעכט און באַקרוינט דעם יורש פון היינריך III, דעם קעניג לודוויק XVI, מיט דעם טיטול „ווי-דעראויפשטעלער פון דער פראַנצויזישער פרייהייט". קוים פיר יאָר שפּעטער איז לודוויק גילאָטינירט געוואָרן. ריכאַרד טרייטשקע, דער דייטשישער איבערזעצער פון לאַנגע, האָט

מיט אַ פּאָר יאָר פאַר 1848 באַצייכנט די רעוואָלוציע אַלס מיקראָקאָסם, „וועלכער איז פעאיק צו אַ שפּעטערדיקער לאַנגזאַמער, אָבער גרויסאַרטיקער פאַרפולקאָמונג". איך נעם-אָן די־דאָזיקע ווערטער און טייטש זיי אויס אַנדערש. די רעוואָלוציע איז אַ מיקראָקאָסם: אין אַן אומגלויבלעך-קורצער צייט, אין אַ געוואַלטיקער צוזאַמענפּרעסונג (ווייל די נשמות פון די מענטשן זענען געשפּאַנט און רייסן זיך אויף) ווערט פאַרווירקלעכט אַ גאַנצע וועלט פון מעגלעכקייטן, וואָס פלאַקערט איבער דער צייט ווי אַ פייער. אין דער רעוואָלוציע קומט אַלץ פאָר אומגעהייער שנעל, פּונקט אַזוי ווי אין חלום פון שלאָפנדיקע, וועלכע שיינען צו זיין באַפרייט פון דער ערדישער שווערקייט. אויך בעת דער מענטש איז נאָך וואַכנדיק, למשל אין די אָוונט-שעהן פון גייסטיקער אַרבעט, ווען ער טראַכט און פאַנטאַזירט און שאַפט, פאַלט ער אָפט אַריין אין אַ שטימונג, ווו אַלץ שיינט אים צו זיין מעגלעך, דורכפירבאַר, אָן וועלכע נישט איז הינדערנישן. און שפּעטער קומט דער גרויער טאָג און מען פאַרשטייט אַפילו נישט, ווי האָט מען דאָס געקאָנט זיין אַזוי מוטיק און גלויביק, אַזוי האָפענונגספול און פריי פון ספקות. אָט דער טאָג איז לאַנג. עס וועלן נאָך קומען אַ סך אָוונטן, אין וועלכע עס וועט אויפלעבן די דערינערונג וועגן יענעם טאָג און דערמיט אויך די אומצופרידנקייט, דער טרויער און די דעפּרעסיע. ביז עס פאַלט-צו צו אונז נאָכאַמאָל אַן אָוונט, ווו עס שיינט אונז, אַז אַלע הינדערנישן זענען אָפּגעווישט דורך דעם חשק און אַז עס וואַקסן אונז אויס פליגלען; עס דערוואַכט ווידער די דערינערונג וועגן יענעם אָוונט מיט דער פלאַמענדיקער זון, וועלכע איז אויפגעגאַנגען אין דער נשמה, — און ווידעראַמאָל איז אַלץ מעגלעך, דערגרייכבאַר און עס מוז געלינגען. אָט אַזוי איז דאָס מיט דער פאַרהעלטעניש פון די בליץ-שנעלע אָבער קורצע רעוואָלוציעס צו די לאַנגע און לאַנגזאַמע צווישן-תקופות. אַזוי ציט זיך דאָס, ביז עס דערשיינט אַ גייסט, וועלכער שאַפט פּאָזיטיווע און בלייבנדיקעס אין דעם העלן טאָג פון לעבן

און איז שוין נישט מער קיין שימערירענדיק נאַכט-בילד פון אויפבוי און ווירקלעכקייט, איז נישט מער אַ חלום פון אַ גייסט, וועלכער לעבט זיך נאָר אויס אין רעבעלירן און צע-שטערן און פאַלט באַלד אַריין אין פוסטקייט און יאוש.

דאָ איז נישט דאָס אָרט נאָכצופאָלגן ווייטער די ירידה און די מפלה פון דער ערשטער גרעסטער פראַנצויזישער רע-וואָלוציע. עס איז געקומען צו סכסוכים צווישן דער בורזשוי-אַזיע און דעם פאָלק, וועלכעס איז געווען פאַרטרעטן דורך די 16. דער כיטרער קעניג היינריך IV האָט אויסגעבויט זיין מיליטערישן דעספּאָטיזם און האָט דאָך פאַרשטאַנען צו שליסן שלום מיט דער בורזשואַזיע און די אַנדערע קרייזן, וועלכע האָבן זיך הויפּטזעכלעך פאַרנומען מיט אמונה-פראַגן. באַלד האָט שוין די רעבעליע געטליעט נאָר אונטער דער ערד. די קאָמונע פון פּאַריז האָט זיך נאָך יאָרן-לאַנג באַצויגן פיינט-לעך, אַ סך גייסטלעכע האָבן נאָך לאַנג נישט געוואָלט טאָן תפילה פאַר דעם קעניג, אָבער די כיטרע דיפּלאָמאַטיע און די גוטמוטיקייט פון דעם קעניג, פאַרבונדן מיט דערפאָלגרייכע מלחמות, האָבן צוגעצויגן צו אים אַ גרויסן טייל פון פראַנ-צויזישן פאָלק. דאָס פאָלק, וואָס מאַכט די רעוואָלוציע, וואָס לאָזט זיך פירן פון דעם גייסט פון די פּיאָנערן, וואָס באַווייזט וונדער פון העלדישקייט, וואָס איז גרויס אין זיין ווילדן פאַ-נאַטיזם פונקט ווי אין זיינע איידעלע טאַטן פון ליבע און רחמנות; און דאָס פאָלק, וואָס שטראָמט-אָפּ אויף צוריק און קערט זיך אָפּ פון דעם גייסט צו זיך גופא, — דאָס זענען צוויי גאַנץ פאַרשיידענע זאַכן. דאָס פאָלק פאַרלאַנגט ברויט און שפּילן; דאָס פראַנצויזישע פאָלק וויל נאָך חוץ דעם, אַז זיינע הערשער זאָלן אָפּהאַלטן נצחונות אויף דעם פעלד פון שלאַכט און פון ליבע. אָט דאָס טאַקע האָט זיי געקאָנט אונ-טערטראָגן היינריך IV, וועלכער איז, ווי מען האָט שוין אין 18-טן יאָרהונדערט געחוזקט, געווען דער פאָטער פון זיין פאָלק אין אַ צווייפאַכן זין. אַזוי אַרום איז די טאַט פון פראַנץ ראַוואַיאַק נישט מער געווען פאַרבונדן מיט קיין גרויסער פאָלקס-

באַוועגונג, הגם זי איז נאָך זיכער געווען פאַרבונדן מיט דער דערשטיקטער רעוואָלוציע. ראַוואַיאַק האָט, נעמלעך, געהרגעט היינריך IV, פונקט אַזוי ווי מען האָט פריער דערמאָרדעט היינריך III.

די היסטאָריקער פאַרבינדן געווינלעך די טאַט פון ראַוואַיאַקן מיט די מאָנאַרכאָמאַכישע טעאָריעס פון דעם שפּאַנישן יעזואיט מאַריאַנאַ אָדער מיט די שטאַאַטס-רעכטלעכע שריפטן פון די יעזואיטן בעלאַרמין און סואַרעץ, וועלכע זענען אָבער אייגנטלעך געווען זייער בירגערלעך און געמעסיקט. מיר האָבן אָבער געזען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ לחלוטין נישט וועגן אַ ספּעציעלן יעזואיטישן גייסט, נאָר וועגן אַ באַוועגונג, וועלכע האָט פאַרכאַפּט און מיטגעריסן מיט זיך די פעלקער גלייכצייטיק ביי די פּראָטעסטאַנטן און ביי די קאַטאָליקן פון מערב-אייראָפּע. אמת, אויך דאָס בוך פון דעם יעזואיט מאַריאַנאַ („וועגן קעניג און דער אינסטיטוציע פון אַ קעניג"), וועלכעס איז דערשינען אין טאָלעדאָ 1589, געהער צו דערדאָזיקער באַוועגונג. אין דעם באַרימטן זעקסטן קאַפּיטל פון דעם בוך רעדט ער אָפן און קלאָר וועגן דער טעראָריסטישער טאַט פון קלעמאַן, וועלכע ער באַצייכנט אַלס גרויסע און רומפולע, און דערקלערט ווייטער מוטיק, אַז ווען אַ קעניג האָט אַריינגעכאַפּט די סוווערעניטעט מיט געוואַלט און אָן דעם הסכם פון דער נאַציע, אָדער ווען ער האָט זיך געשטעלט אין אַ קעגנזאַץ צו דעם ווילן פון דער נאַציע, דעמאָלט מעג מען ביי אים אָפּנעמען סיי דאָס לעבן, סיי די הערשאַפט. ער באַהאַנדלט נאָך גענוי די איינצלהייטן פון דער פראַגע: עס איז העלדיש אָנצופאַלן אויף דעם טיראַן אָפן, אָבער עס איז זייער קלוג אַריינצוקריגן אים אין נעץ באַהאַלטענערהייט. אַזעלכע פאַרשווערער — זאָגט ער — באַקומען דעם רום פון גבורים, ווען זיי בלייבן לעבן; ווען נישט — פאַלן זיי אַלס אַ קרבן, וואָס איז ליב פאַר גאָט און פאַר לייט. מיר זעען דאָ, ווי די רעוואָלוציאָנערע קריגס-קונסט פון מאַריאַנאַ אונטערשיידט זיך פון די טעאָריעס פון די פּראָטעסטאַנטישע מאָנאַרכאָמאַכן

נאָר דורך דער זאַכלעכקייט פון זיין טאָן, און עס האָט דע־ריבער קיין שום זין נישט צוצושרייבן די יעזואיטן אַליין דאָס, וואָס עס איז געווען אַ געוואַלטיקע אַלגעמיינע גייסטיקע באַוועגונג, וועלכע האָט פאַרכאַפּט גאַנצע לענדער. מען מוז אָנערקענען, אַז די סעקטאַנטן אין ענגלאַנד, די פּראָ־טעסטאַנטן אין האָלאַנד און אין פראַנקרייך און די ראָמאַנישע יעזואיטן זענען געווען די מאָדערנע מענטשן פון זייער צייט, — דערפאַר האָט זיך אויך צווישן די יעזואיטן געקאָנט געפינען אַ מענטש, וועלכער האָט דערפירט ביז צום שפּיץ די טעאָריעס פון די מאָנאַרכאָמאַכן, און צווישן די תלמידים זייערע — אַ מענטש, וועלכער האָט דעמדאָזיקן שפּיץ פאַרוואַנדלט אין דעם שפּיץ פון אַ מעסער.

איצט וועלן מיר זיך אומקערן 60 יאָר אויף צוריק, כּדי צו טרעפן זיך מיט דעם מענטש, וועלכן מיר האָבן שוין אָנ־גערופן אַ פּאָר מאָל, וועלכער האָט געשאַפן פאַר דערדאָזיקער גאַנצער רעוואָלוציע די פּסיכאָלאָגיע, די אוניווערסאַלקייט און דעם קלאַסישן אויסדרוק. ווייל דער זשעני שפּרייזט פאָראויס פון די געשעענישן אין דער תקופה פון אינדיווידואַליזם, אָבער זיין טעטיקייט אין זיין צייט בלייבט אומבאַטייטנדיק און כּמעט ווי טויט. דערפאַר טאַקע לעבט זיין אַקטיוויטעט ערשט אַ סך דורות שפּעטער, מער נישט די פּראַקטישע אָנ־ווענדונג פון זיינע געדאַנקען מוזן שוין דורכפירן אַנדערע מענטשן, וועלכע קאָנען אויך באַזיצן אַ גרויסן און שטאַרקן גייסט, אָבער טראָגן שוין נישט אין זיך יענע נביאישע און שרעקלעכע איינזאַמקייט, ווי די פּיאָנערן. מיר האָבן דאָ אין זינען עטיען דע לא באָעטי, וועלכער איז גע־שטאָרבן צו 33 יאָר און זאָל האָבן צו 16 יאָר פאַרפאַסט זיין שריפט: „אַ רעדע וועגן דער פרייוויליקער קנעכטשאַפט”. נישט שפּעטער ווי אין יאָר 1550 איז דערשינען דידאָזיקע שריפט, וועלכע איז אין דער ערשטער צייט געגאַנגען פון האַנט צו האַנט אַלס געשריבענער מאַנוסקריפּט און איז ערשט נאָך דער בארטאָלאָמעאוס־נאַכט, שוין לאַנג נאָך דעם טויט פון לא

באָטי, פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דורך די רעוואָלוציאָנערן. לאַ באָטי, וועלכער איז פֿאַרבליבן אין דער קאַטוילישער קירך און האָט געהאַט אַ פֿרייע נשמה-פֿאַרהעלטעניש צו גאָט, שטייט מיטביידע פֿיס אויף יענעם באָדן, וועלכן יענע עפּאָכע און דער 18. יאָרהונדערט האָבן אָנגערופֿן נאַטור און פֿאַרשטאַנד. אונטער נאַטור און פֿאַרשטאַנד האָט מען דעמאָלט געמיינט אָפּגעבן זיך אינגאַנצן דער לאָגיק און זאַכלעכקייט; מען האָט געקאָנט אונטער דעם פֿאַרשטיין אויך אומאָפּהענגיקייט און מוט. ער וואַרפֿט זיך אַרויף אויף יענער פֿראַגע, וועלכע מען האָט געקאָנט באַצייכענען, אַז דאָס איז דאָס אייגנטלעכע פּראָבלעם פֿון יענער עפּאָכע. ווי אַזוי קומט עס, — פֿרעגט ער, — אַז אַ גאַנץ פֿאָלק, אומגעציילטע מאַסן לאָזן זיך קוועלן און טיראַניזירן פֿון אַן איינציקן מענטש, לאָזן זיך פֿירן פֿון אים קעגן זייער ווילן און צו זייער אייגענעם שאָדן? ווי לאָזן זיי זיך פֿירן פֿון איין מענטש, וועלכער איז נישט קיין הערקולעס און נישט קיין שמשון הגבור, נאָר אַ נישטיק מענטשעלע, אָפֿטמאָל דער סאַמע פּחדנותדיקער און ווייבערישער פֿון דער גאַנצער נאַציע? וואָלטן מיר געלעבט לויט דער נאַטור, דעמאָלט וואָלטן מיר געפֿאָלגט די עלטערן, וואָלטן מיר געווען אונטערגעוואָרפֿן דער פֿאַרנונפֿט און וואָלטן נישט געווען קיינעמס עבדים. צי די פֿאַרנונפֿט איז איינגעבראָכן אין אונז, צי נישט, — דאָס איז אַ פֿראַגע פֿאַר די געלערנטע. אָבער דאָס איז שוין קלאָר, אַז די נאַטור, וועלכע איז שטענדיק פֿאַרנינפֿטיק, וועלכע דינט גאָט און פֿירט אָן מיט די מענטשן, האָט אונז אַלעמען אויס-געבילדעט לויט איין בילד אַלס ח ב ר י ם און ב ר י ד ע ר. די שטאַרקערע און קליגערע האָט זי געשאַפֿן נישט צוליב דעם, אַז זיי זאָלן אָנפֿאַלן אויף די אַנדערע, ווי גזלנים אין אַ פֿינסטערן וואַלד; פֿאַרקערט, זי האָט געוואָלט „שאַפֿן אַ פּלאַץ פֿאַר דער ברידערלעכער ליבע, כּדי זי זאָל האָבן ווו זיך אויסצווווירקן: די איינע האָבן די מאַכט אויף צו געבן הילף, די אַנדערע האָבן די נויט אויף אָנצונעמען די הילף“. פֿונוואַנען נעמט זיך אָבער די אומגעהייערע מאַכט פֿון דעם

טיראן? זי שטאמט נישט פון דעם געוויינלעכן אויסערלעכן צוואנג, ווייל אויב עס שטייען זיך אנטקעגן צוויי גלייך שטארקע ארמעען, וואס איינע פון זיי איז געטריבן דורך דעם שטרעבן צו מאכט און די אנדערע פארטיידיקט איר פרייהייט, דעמאלט וועט אן קיין שום ספק זיגן די ארמיי פון דער פרייהייט. ניין, זיין מאכט שטאמט פון דער פ ר ײ ו י ל י ק ע ר ש ק ל א פ ע ר ײ פון די מענטשן. „פונוואנען נעמט ער אזוי-פיל אויגן אייך צו באוואכן, אויב איר בארגט אים זיי נישט אויס? פונוואנען האט ער אזויפיל הענט אויף צו כאפן אייך, אויב ער באקומט זיי נישט פון אייך גופא? פונוואנען האט ער בכלל די מאכט איבער אייך, אויב נישט דורך אייך גופא? ווי וואלט ער געקאנט אייך פארפאלגן, ווען ער וואלט נישט עקזיסטירט אין הסכם מיט אייך? וואס וואלט ער גע-קאנט אייך טאן, ווען איר וואלט נישט געווען דער מיטהעל-פער פון דעם גנב, וועלכער בארויבט אייך, דער מיטהעלפער פון דעם רוצח, וועלכער הרגעט אייך, און א פאררעטער לגבי זיך אליין?" פונוואנען נעמט זיך דאס שאקע אט די אום-גלויבלעכע זאך? דער דראנג צו פרייהייט איז געגעבן פון דער נאטור אליין, און ווען חיות וואלטן געקאנט פארטיילן כבוד און טיטולן, דעמאלט וואלט פרייהייט געווען דער העכסטער אדל, וועלכן זיי וואלטן אממייסטן פארערט. די דערקלערונג איז פאלגנדיקע: ווען-נישט-איז-אמאל פארלירן די מענטשן זייער פרייהייט א דאנק דעם איבערפאל פון דרויסן אדער דורך פארראט. שפעטער קומען צו מענטשן, וועלכע האבן קיינ-מאל נישט געקענט קיין פרייהייט און ווייסן נישט, ווי זיס זי איז. די געוווינהייט איז עס, וועלכע האט אונז געלערנט צו זיין עבדים, ווייל די נאטור באזיצט לגבי אונז ווייניקער מאכט איידער די געוווינהייט. „דאס נאטירלעכע מעג זיין ווי גוט עס וויל, אבער עס גייט פארלארן, ווען עס ווערט נישט דער-האלטן, מיר זעען שטענדיק אזוי, ווי אונזער שפייז איז, מעג זי זיין, ווי זי וויל, אפילו להיפך צו דער נאטור", אזוי ווי פרוכט-ביימער טראגן אויף זיך פרעמדע פירות.

זען מען זעצט אַרויף אויף די פּרעמדע צחייגן, פּונקט אַזוי טראָגן די מענטשן די אומפרייהייט. די מענטשן שטעלן זיך גאָרנישט פאָר עפּעס אַנדערש, ווי צו זיין אונטערטעניק: עס איז תמיד אַזוי געווען — זאָגן זיי. אַ דאַנק דער לאַנגער צייט פאַרוואַנדלען זיי זיך גופא אין אַן אייגנטום-זאַך פון יענע, וועלכע באַהערשן זיי; אָבער בנאמנות, די לאַנגע יאָרן פאַרשאַפן קיינמאָל נישט דאָס רעכט צו טאָן שלעכטס, נאָר, פאַרקערט, זיי פאַרגרעסערן דאָס אומרעכט". עס זענען אָבער שטענדיק דאָ אַ געוויסע צאָל מענטשן, וועלכע זענען שוין פון דער געבורט אָן אין אַ בעסערער לאַגע, איידער די גרויסע מאַסן. דאָס זענען יענע, וועלכע באַזיצן אַ גוטן קאָפּ און האָבן אים נאָך פאַרבעסערט דורך שטודיום און קענטעניש; אַז זיי לעבן איבער די פרייהייט אין דער פאַנטאַזיע און שפירן זי אין זייער גייסט, אפילו ווען זי וואָלט געווען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון דער וועלט. ליידער קענען זיי נישט איינער דעם אַנדערן; די פרייהייט פון רעדן און האַנדלען איז אַוועקגערויבט פון זיי; זיי בלייבן איינזאַם אין זייער גייסטיקער וועלט. די צווייטע סיבה פון דעם, וואָס די שקלאַפעריי ציט זיך אַזוי לאַנג, באַשטייט אין דעם, וואָס זי מאַכט וויי־ך די נערוון און דעם כאַראַקטער פון דעם מענטש. די טיראַנען האָבן שטענדיק אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי אויפצוהאַלטן אין דעם פאָלק זנות, ליידיקגייעריי, ליבע צו שפּילן און צו פרעסן, און אַזוי אַרום פאַרוואַנדלען עס אין אַ שוואַכע באַשעפעניש. די דריטע סיבה איז: דאָס קעניגטום האָט אויסגענוצט די רעליגיע און האָט זיך פאַרבונדן מיט די גייסטלעכע: די קרוין איז געוואָרן איינגעהילט אין וווּנדער און דער קעניג — אין דעם שיין פון הייליקייט און געטלעכקייט. „דאָס פאָלק האָט תמיד פאַר זיך געשאַפן די ליגנס, אין וועלכע עס האָט שפּעטער אַליין געגלויבט". ענדלעך נאָך אַ פערטע סיבה: צווישן דעם קעניג און דעם פאָלק האָט זיך אַריינגעזעצט אַ ביוראָקראַטיע, אַ היעראַרכיע, וועלכע באַרייכערט זיך פון די בײדע לאַגערן; אַזוי אַרום קומט עס דערצו, אַז די

טיראַניע פאַרשאַפט אַ סך מענטשן אַזויפיל פרנסה, אַז זיי דאַרפן מער קיין פרייהייט נישט. דאָ גיט לאַ באָעטי אַ גלענצנדיקע פסיכאָלאָגיע פון דעם הויף-מענטשן. מען קאָן באמת — זאָגט ער — האָבן מיטלייד מיט דעם קעניג, וואָס ער איז אַרומגערינגלט פון אַזעלכע מענטשן; אָבער אויך מיט זיי דאַרף מען האָבן מיטלייד, ווייל אָט דידאָזיקע, פון גאָט און לייט פאַרלאָזענע נפשות מוזן זיך לאָזן אַזוי באַהאַנדלען פון קעניג. אמת, דער פויער און דער בעל מלאכה איז אויך פאַר-שקלאַפט, אָבער זיי מוזן דאָך טאָן נאָר דאָס, וואָס מען הייסט זיי; ביי דעם הויף-מענטשן גענוגט עס נישט: „זיי מוזן טראַכטן דאָס, וואָס ער וויל, און אָפטמאָל מוזן זיי אַפילו אים, צוליב פאַרלויפן דעם וועג זיינע געדאַנקען. עס איז נישט גענוג, אַז זיי זאָלן אים פאָלגן, זיי מוזן אים נאָך חנפענען; דינענדיק אים מוזן זיי זיך אינגאַנצן צעברעכן און פאַרניכטן, און דערנאָך ערשט זיך משמח זיין ביי זיינע פאַרוויילונגען, אָפזאָגן זיך צוליב אים פון זייער אַרט לעבן, איבעראַנדערשן זייער נאַטור און זייער לעבנס-בוי; זיי מוזן שאַרף אויפפאַסן אויף זיינע רייד, אויף דעם קלאַנג פון זיין שטים, אויף זיינע תנועות און העויות, די אויגן, די פיס און די הענט. אַלץ מוז זיין גרייט, כדי אויפצוכאַפן זיין רצון און צו אַנטדעקן זיינע געדאַנקען. איז דאָס אַ גליקלעך לעבן, הייסט דאָס בכלל לעבן? צי קאָן זיין אויף דער וועלט עפעס מער אומדערטרעגלעכעס, שוין נישט נאָר פאַר אַ מענטש פון אַ העכערער אַרט, נאָר אַפילו פאַר אַ מענטש מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד, אָדער, נאָך פשוטער, פאַר יעדערן, וואָס האָט נאָר אַ פנים פון אַ מענטש? „וועמעס לאַגע איז קלאָגעדיקער ווי דעמדאָזיקן: אין קיין שום זאַך נישט געהערן צו זיך אַליין, אין אַלץ, אין דעם ווילשטאַנד, אין דער פרייהייט, אין לייב און לעבן צו זיין אָפהענגיק פון אַן אַנדער מענטש?"

אָבער אויך דעם קעניג איז דאָס גאָרנישט אַזוי גוט. ער קאָן נישט ליבן און קאָן נישט געליבט זיין. נאָר צווישן גוטע מענטשן איז פאַראַן ליבע און פריינטשאַפט. „דאָרטן, ווו

ס'איז דאָ גרויזאַמקייט, אומערלעכקייט, אומגערעכטיקייט. דאָרטן קאָן נישט זיין קיין פריינטשאַפט. בעת בייזע מענטשן קומען זיך צונויף, איז דאָס נישט קיין חברשאַפט, נאָר אַ קאָמפּלאָט: זיי אונטערשטיצן נישט איינער דעם אַנדערן, נאָר זיי האָבן מורא איינער פאַר דעם אַנדערן; זיי זענען נישט קיין פריינט, נאָר אַ חבֿרה פאַרשווערער".

וואָס זאָל מען איצט קענען דעם טאָן, — פרעגט לאַ באָעטי, — קעגן אָט דער אומגעהייערער פאַרשקלאַפונג, וועלכע האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף דעם מענטש? וואָס זאָל מען טאָן קעגן דעם אומגליק, וואָס איז אַ צרה פאַר אַלעמען, פאַר דעם קעניג, פאַר די הויף-לייט און מלוכה-דינער, פאַר די דענקער און פאַר דאָס גאַנצע פאָלק?

דאָ וואָלט מען געמוזט מאַכן אַ פויזע, כּדי דעם לייענער זאָרן איינפאַלן אין קאָפּ די אַלע תשובות, וועלכע עס האָבן געגעבן די פון אונדז שוין דערמאָנטע מאָנאַרכאָמאַכן און די אַלע שטאַאַטס-וויסנשאַפטלער און פּאָליטיקער, ווי באָדען, גראָציוס, אַלטוזיוס, לאָק, יום און אַנדערע, די תשובות, מיט וועלכע מיר וועלן זיך נאָך באַקענען ביי דער באַטראַכטונג פון דער ווייטערדיקער רעוואָלוציע, און די אַלע רעצעפּטן, וועלכע ווערן אָנגעווענדעט היינט-צו-טאָג אין פאַרשיידענע לענדער.

אָבער לאָמיר לאָזן רעדן לאַ באָעטי. עס איז קיין זאַך נישט גרינג — זאָגט ער — אויסער דעם ווונטש אין דעם ווילן פריי צו זיין. די שקלאַפעריי איז אַ פ ר ײ װ י ל י ק ע. עס שיינט כמעט, אַז די מענטשן פאַראַכטן די שיינע מתּנה פון פרייהייט, ווייל זי איז צו לייכטוואָגיק. „אַנטשליסט זיך נישט צו זיין מער קיין שקלאַפן, און איר וועט זיין פריי! איך וויל נישט, אַז איר זאָלט פאַרטרייבן דעם טיראַן אָדער אַראָפּוואַרפן אים פון טראָן, הערט נאָר אויף אים צו שטיצן און איר וועט זען, ווי ער וועט, ווי אַ ריזיקער קאָלאָס, ביי וועלכן מען ציט אַרויס דעם פונדאַמענט, צעבראָכן און צעשטערט ווערן דורך זיין אייגענער לאַסט". 8 פייער קאָן מען

לעשן דורך וואסער, אָבער מען זאָל זיך היטן פאַר פאַרשוועכרונגען פון מענטשן, וואָס יאָגן זיך נאָך כבוד; זיי וועלן דעם טיראַן פאַרטרייבן אָדער טויטן, די טיראַניע אָבער וועלן זיי דערהאַלטן און פאַרשפּרייטן; זיי מיסברויכן מיט דעם הייליקן נאָמען פון פרייהייט. זייער זעלטן קומען-אויף אַזעלכע צניעותדיקע העלדן, ווי אַ האַרמאָדיאָס, אַריסטאָגיטאָן, טראַזיבול, ברוטוס דער עלטערער, וועלכע באַפרייען זייער פאָטערלאַנד און לאָזן אים לעבן אין פרייהייט. אמת, ברוטוס און קאַסיוס האָבן נישט נאָר דערהרגעט צעזאָרן (דעם געפערלעכסטן טיראַן, ווייל ער איז נישט נאָר געווען געמיין און ברוטאַל, נאָר מענטשלעך און מילד, און האָט דאָך דערביי אָוועקגערויבט דאָס געזעץ און די פרייהייט), נאָר זיי האָבן אויך צייטווייליק פאַרפעסטיקט די פרייהייט, אָבער זי איז באַלד געשטאָרבן צוזאַמען מיט זיי. די טיראַניע איז נישט קיין פייער, וועלכעס מען מוז און וועלכעס מען קאָן לעשן. ווייל עס איז נישט קיין בייז, וואָס עס געפינט זיך מחוץ פון אונז, נאָר עס איז אַ חסרון אין אונז גופא, נישט וואַסער זאָלן די מענטשן גיסן אויף דעם פייער, נאָר זיי זאָלן לאָזן ביי זיך דאָס, פון וואָס דאָס פייער שפּייזט זיך: זיי מוזן אָפּנעמען ביי אים די שפּייז. „עס איז נישט נויטיק צו באַקעמפן דעם טיראַן, עס איז נישט נויטיק צו ווערן זיך קעגן אים; ער פאַרניכטעט זיך אַליין. דאָס לאַנד טאָר זיך נישט אונטערגעבן דער שקלאַפעריי; דאָס לאַנד ברויכט נישט עפּעס פון איר אָפּצונעמען; עס איז גענוג, אַז עס זאָל איר פון זיך גאָרנישט נישט געבן. עס איז נישט נויטיק, אַז דאָס לאַנד זאָל זיך קוועלן, כדי עפּעס פאַר זיך צו טאָן, עס איז נאָר נויטיק, אַז עס זאָל זיך נישט קוועלן, כדי עפּעס קעגן זיך צו טאָן... ווען מען די טיראַנען מער גאָרנישט נישט געבן און ווען מען זיי מער נישט פאָלגן, דעמאָלט בלייבן זיי שטיין נאַקעט און הויל אָן קאַמף און אָן הילף און באַטייטן נישט מער, ווי אַ וואָרצל, וועלכער באַקומט נישט מער קיין פייכטקייט און נאַרונג און פאַרוואַנדלט זיך דעריבער אין אַ טרוקן, טויט שטיק האָלץ".

איך האָב דאָ איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון דער־
דאָזיקער, אין דײַטשלאַנד במעט אומבאַקאַנטער, שריפט (אין
פראַנקרײַך איז זי זינט דעם אַבאַט לאַמענע ווידער געוואָרן
באַקאַנט) אַזוי אויספירלעך צוליב אייניקע טעמים. ראשית כל
דערפאַר, ווײַל וועגן דער סאָציאַלער פסיכאָלאָגיע פון אַ רע־
וואָלוציע און פון די אומשטענדן, וואָס רופן זי אַרויס, קאָן
זיך אַ סך בעסער אַרויסזאָגן דער, ווער עס האָט דאָס צוערשט
אַרויסגעזאָגט, איידער אַ שפּעטערדיקער באַאָבאַכטער, צווייטנס,
ווײַל מיר פאַרשפּאָרן דערמיט צו דערמאָנען אַ סך זייער באַ־
רימטע רעוואָלוציאָנערן פון די שפּעטערדיקע, מער באַקאַנטע
באַוועגונגען: נישט געקוקט אויף זייער פייער און שווונג האָבן
זיי נישט דערגרייכט דעם ניוואָ פון לאַ באָעטי אָדער העכסטנס
האָבן זיי איבערגעחזרט זײַן שטימונג און זײַנע געדאַנקען.
ווײַל דער קאַמף פון דער רעוואָלוציע איז נאָך אַ זייער לאַנגע
צײַט אָנגעגאַנגען קעגן איינעם אָדער אַ סך טיראַנען. אפילו
אין די קומענדיקע צײַטן, ווו עס האַנדלט זיך נישט אַזוי וועגן
פאַרניכטן געוויסע פּערזאָנען, ווי וועגן צעשטערן אַן אינסטי־
טוציע (נעמלעך דעם דורך דער רעוואָלוציע אויסגעבויטן אַב־
סאָלוטן שטאַאַט). אפילו דעמאָלט וועט מען נאָר דאַרפן פאַר־
ענדערן אייניקע ווערטער פון לאַ באָעטי, כדי מ'זאָל קאָנען
פאַרשטיין די שטימונג און די לייטנדיקע געדאַנקען פון דער
נײַער רעוואָלוציע. ענדלעך מוז נאָך עפּעס געזאָגט ווערן:
אויב רעוואָלוציעס זענען צוזאַמענפאַסנדיקע, דינאַמישע און
שטענדיק־זיך־ווידערהאָלנדיקע מיקראָקאָסמען, דעמאָלט איז
אָט דער עסיי דער מיקראָמאָסם פון דער רעוואָלוציע. ער
רעפּרעזענטירט דעם גײַסט, פון וועלכן מיר זאָגן, אַז ער איז
נישט נאָר גײַסט אין דער נעגאַציע, נאָר אַז ער איז אויך
אין דער נעגאַציע גײַסט: דאָס פאָרגעפיל און דער נאָך
אומקלאָרער אויסדרוק פון דעם פּ אָ ז י ט י וו ן, וואָס ווערט
געבוירן. אָט דער עסיי פּראָקלאַמירט דאָס, וואָס עס וועלן
שפּעטער זאָגן אין אַנדערע שפּראַכן גאָדווין און שטירנער און
פּרודאָן און באַקונין און טאָלסטאָי: אין איך גופא זיצט עס.

עס איז נישט מחוץ פון אייך: איר אליין זענט עס; די מענטשן זאָלן נישט זיין געבונדן דורך הערשאַפט, נאָר זיין פאַרבונדן ווי ברידער. אָן שום הערשאַפט, אַן-אַרכיע. מער גייט עס פעלט, אָדער עס איז שוואַך אַנטוויקלט, דאָס באַוווסטזיין פון דער ריכטיקער פאָרמול: נישט דורך הערשאַפט, נאָר... די נעגאַציע פון דידאַקטיקע רעבעלישע נאַטורן איז פול מיט ליבע, וועלכע איז קראַפט, אָבער נאָר אין דעם זינען, ווי באַקוגין האָט דאָס הערלעך אויסגעדריקט: די לוסט פון צעשטערן איז אַ שעפערישע לוסט. זיי ווייסן, אַז די מענטשן זענען ברידער; דערביי מיינען זיי, אַז מענטשן ווערן ברידער, ווי נאָר עס ווערן אָפגעראַמט די הינדערנישן און די געוואַלט. אין דער אמתן זענען זיי ברידער נאָר אין משך פון דער צייט, בעת וועלכער זיי באַקעמפן און ראַמען-אָפּ אָט די הינדערנישן און די געוואַלט. אין דער אמתן לעבט דער גייסט טאַקע נאָר אין דער רעוואָלוציע, אָבער ער קומט נישט צום לעבן אַ דאַנק דער רעוואָלוציע; גלייך נאָך איר לעבט ער שוין ווידער נישט. מען וועט אפילו זאָגן, אַז עס וועט ווערן אַנדערש, ווען די רעוואָלוציע וועט אַמאָל אָפּהאַלטן איר פולן נצחון, ווען דאָס אַלטע און אָקאָרשט-באַקעמפטע וועט זיך מער נישט אויפריכטן. דאָס איז אָבער ענלעך צו דעם, ווי ווען איינער וואָלט זיך געקלאָגט אויף אַזאַ אופן: וואָלט איך געקאָנט פעסטהאַלטן מיינע חלומות און אויסבויען זיי אין מיין זכרון אין באַוווסטזיניקן שאַפן, וואָלט איך געווען דער גרעסטער דיכטער. לויט דעם באַגריף און דער פּראַקטיק קאָן מען די רעוואָלוציע צוגלייכן צו אַן אָרגאַניזם, וועלכער פילט זיך געשטאַרקט צווישן צוויי קראַנקהייטס-אַטאַקן. וואָלט פאַר און נאָך דער רעוואָלוציע נישט געווען קיין מידקייט אין דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם, וואָלט קיין רעוואָלוציע בכלל נישט געקומען. כדי דער אויפבוי פון דעם מענטש זאָל אָנטהאַלטן און אַנטוויקלען אין זיך עפעס בלייבנדיקס, איז נויטיק, אַז עס זאָל צוקומען נאָך עפעס אַנדערש ווי רעוואָלוציע. וואָס מוז צוקומען? לאָמיר זיך איצט אומקערן צו דער פאָרמול:

װעלכע מיר האָבן אויבן נישט פאַרענדיקט. איצט װײסן מיר װי צו פאַרענדיקן זי: נישט דורך הערשאַפט, נאָר דורך גײסט. — אָבער עס גענוגט נאָך בשום אופן נישט, װאָס מיר רופן דעם גײסט; ער מוז איבער אונז קומען, ער מוז האָבן אַ לבוש און אַ געשטאַלט. ער רופט זיך נישט אָפּ בלויז אויף דעם נאָמען גײסט, און ס׳איז נישטאָ קײנער, װער זאָל קאָנען זאָגן, װי ער הײסט און װאָס ער איז. אָט די דערװאַרטונג, װעלכע גיט אונז קראַפט אויסצוהאַלטן אין אונזער איבערגאַנג און אַנטװיקלונג, אָט דאָס דראָזיקע נישט-װיסן הײסט אונז נאָכצופאָלגן דער אידעע.

* *
*

אין דער ענגלישער רעװאָלוציע, װעלכע האָט פאַרענדיקט אָט די ערשטע תקופה פון די אײראָפּעאישע מלוכה-רעװאָלוציעס, האָט דער גײסט נישט באַקומען קײן שום אַנטװיקלונג און פאַרטיפונג. די אומאָפּהענגיקע, די ראַציאָנאַליסטן און די לעװעלער, װאָס זײערע ליטעראַרישע פאַרטרעטער זענען געװען דער דיכטער דזשאָן מילטאָן און אַלדזשערנאָן סידנעי מיט זײַנע שאַרפע אָבער לאַנגװײַליקע „רערעס מכח דעם שטאַט״, האָבן קײן שום נײַעס נישט מוסיף געװען צו די אַרגומענטן פון די מאָנאַרכאָמאַכן. זײ האָבן זיך שקלאַפיש אָנגעשלאָסן אָן זײ און באַלד אָנגעהויבן צו פאַרװאַנדלען די פרישע אַקטיװיטעט און דעם לעבנספולן שװונג פון יענע ערשטע פּיאָנערן אין אַ נײַער אַרט סכאָלאַסטיק. די לאָגיק איז בײַ זײ שאַרף און איבערצײַגנדיק, אָבער זי דרײט זיך שטענדיק אַרום דעם אַלטן שטאָף פון דער ליטעראַטור, אַרום די ביבלישע און די רוימישע בײַשפּילן פון דער געשיכטע; זי האַלט זיך שטענדיק אין דעם גדר פון דער הוילער שטאַטס-פאָרם און פירט נישט אַרײַן קײן נײַע מאָמענטן אין דער באַטראַכטונג. דער אימפּעט צו אַקטיװיטעט איז באַלד שװאַכער געװאָרן. מען האָט נישט געטראַכט אפילו װעגן דעם, נאָכצופאָרשן דעם

קאָנפליקט ביז אין די טיפעניש פון דער מענטשלעכער נשמה אַרקערט, זיי האָבן שטענדיק אָנגעגריפן די מענטשלעכע נשמה און די אַזוי-גערופענע שלעכטסקייט פון מענטשן, בעת עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן דעם גרויסן צוזאַמענשטויס פון די סאָציאַלע כחות. עס איז דערשרעקנדיק צו זען, ווי די דאָזיקע רעפּובליק-פּאָליטיקער האָבן אינגאַנצן איגנאָרירט די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע שייכותן, דאָס ווירקלעכע לעבן און אַלע באַדערפעניש פון די מענטשן. עס איז טאַקע אַזוי, ווי מילטאָן האָט געזאָגט צום שבח פון דיזאָזיקע רעוואָלוציאָנערן: „נישט די אילוזיעס פון רום און נישט די קאָנקורענץ מיט די העלדן פון דעם אַלטערטום האָט זיי אָנגעצונדן מיט אַ דורשט נאָך דער אידעאַלער פרייהייט, נאָר די ערלעכקייט פון זייער לעבן און די ניכטערקייט פון זייערע זיטן האָט זיי אָנגעוויזן דעם אמתן, זיכערן וועג צו דער רעאַלער פרייהייט". אָט דער זיכערער וועג האָט זיי געפירט — איבער דעם עשאַפאָט פון קאַרל ו און איבער דער מיליטער-דיקטאַטור פון קראָמוועל, וואָס האָט זיך גערופן רעפּובליק — צו דעם ציל, וועלכן די סכאָלאַסטיקער און די בירגערלעכע שטאַטס-וויסנשאַפטלער פון דעם קאָנטינענט האָבן שוין אַסך פריער געגלויבט און וועלכער איז שוין געווען צוגעגרייט דורך דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער אַנטוויקלונג פון ענגלאַנד. דער ציל איז געווען די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע און די דעקלאַראַציע פון רעכט, וועלכע האָט געפירט צו דער עקאָנאָמישער פרייהייט, צום אויפבלי פון דעם ענגלישן האַנדל און אינדוסטריע און צו די שווערהאַפטע סאָציאַלע צושטאַנדן און אָרעמקייט אין ענגלאַנד. מען האָט פאַרטריבן די פויערים פון די דערפער, מען האָט פאַרנאַכלעסיקט די לאַנדווירטשאַפט, מען האָט געמאַכט פון די פויערשע באַלעבאַטישקייטן פריצישע יאַגד-פעלדער, — דאָס אַליין האָט פאַרוויסטעט דאָס ענגלישע לאַנד מינדעסטנס פונקט אַזוי שטאַרק, ווי דאָס האָט געמאַכט אין דייטשלאַנד דער 30-יאָריקער קריג.

אויף דעם קאָנטינענט האָט מען מיט אַן אומגעהייערער

שפּאַנונג פאַרפאָלגט די געשעענישן אין ענגלאַנד, און אַז מען האָט דעם קעניג קאַרל אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, האָט אַ ציטער דורכגענומען אַלע לענדער. אָבער זיי זענען אַלע געווען פאַרנומען מיט מלחמות, מיט פאַרברייטערן זייערע לענדער און מיט דעם אויפבוי פון נאַציאָנאַל-שטאַטן; חוץ דעם זענען די פעלקער געווען אויסגעשעפּט דורך דעם אומגעהייערן פאַרלוסט פון בלוט און דורך דער פאַרוויסטונג פון די דערפער און דער ערד. גלייכצייטיק האָט זיך אַלץ מער פאַרטיפט די גייסטלאָזיקייט און די צעשפּאָלטנקייט פון פאָלק, באַזונדער אין דייטשלאַנד, און דער תהום צווישן די הויף-לייט און געבילדעטע און די אומגעבילדעטע פאָלקס-שיכטן אין פראַנקרייך. אַזוי אַרום האָט מען מער גאָרנישט נישט געשאַפן ווי ליטעראַרישע פּראָדוקטן: אייניקע רעבעלן האָבן נאָך אַלץ פאַרפאַסט רירנדיקע שירים, אין וועלכע זיי האָבן געבעטן גאָט וועגן שלום, אָדער האָבן געשטראָפט דעם עולם פאַרן שלעכטן אַרט לעבן; אייניקע האָבן רעאַליסטיש געשילדערט די דייטשישע מאָראַלישע ירידה און האָבן פאַרפאַסט לידער מיט אַ בייזן הומאָר:

„דעם ענגלישן קעניג קאַרל דעם ערשטן
האָט מען פון דער קרוין באַפרייט אַמבעסטן,
כדי ער זאָל נישט ברויכן מער קיין קרוין
האָט מען אים אַראָפּגענומען דעם קאָפּ אַליין".

אַז אין דער תקופה פון די ווילדע קאַמפן צווישן די שטאַטן אויף דעם קאָנטינענט, צווישן פאָלק און הערשער אין ענגלאַנד, האָט ווידעראַמאָל געלעבט אַ מענטש, וועלכן ס'האָט געצויגן צו בליקן מיט די אויגן ווייט פאָראויס, איידער האַלטן זיך אָן דער ערד מיט פיס און הענט. אַז דער מענטש האָט געלעבט אין געפאַל אין אַ געפענגעניש, ווייל ער האָט געהאַט אַרויסגערופן אומרו און עמפּערונג. עס האָט אויך נישט געקאָנט זיין אַנדערש, ווייל ווען אַ מענטש פון גייסט מישט זיך אַריין אין דער מהומה פון טאָג-לעבן, מוז ער ווערן אַ רעבעל. ווייל אַז דער דאָמיניקאַנער מאָנאַך ק א מ פ א נ ע-

לאַ. וואָס האָט זיך אָנגערופן די גלאָק, איז געווען אויך
א פילאָזאָף און אַ דיכטער. אָט דער מענטש האָט אַריינגעקוקט
אין די קומענדיקע צייטן און האָט אין טרוקענע, כמעט ליב-
לאָזע ווערטער דערציילט דער מענטשהייט זיין אוטאָפּיע פון
דער זונען-שטאָט. אלס פילאָזאָף שטייט קאַמפּאַנעלאַ אויפן
גרענעץ צווישן דעם דעמאָניזם, וואָס נעמט אַרום מיט מיסטי-
שער געוואַלט די גאַנצע וועלט און שליסט זיך אָן אָן דעם
אוניווערסאַליזם פון סוף מיטלאַלטער, און צווישן די פּסיכאָ-
לאָגן פון דעם שניט פון א גאַסענדי און לאָק, וועלכע האָבן
זיך פאַרנומען מיט דעם אַנאַליז פון די דעטאַלן פון דער
וועלט. אין זיין פּאָליטיק אָבער איז נישטאָ קיין איינציקער
פונק פון דער ליבעפולער קריסטלעכער טראַדיציע און פון די
מאַגישע באַהערשונגס-כחות פון רענעסאַנס; דאָ הערשט נאַ-
קעט און הויל נאָר די פאַרנונפט, דאָס נאַטור-רעכט און דער
מלוכה-פּרינציפּ. דערפאַר איז דאָס בילד, וועלכעס ער זעט פאַר
זיך אין דער צוקונפט, א פולשטענדיקער שטאַאַטס-קאָמוניזם;
די אומצייליקע שייכותן, פאַרבינדונגען, געזעלשאַפטן פון
דער פריערדיקער צייט האָבן פאַר אים מער קיין שום אינהאַלט
נישט. אפילו אין דעם אינדיווידואַליזם זעט ער נאָר די אונ-
געהייערע שאָדנס; דערפאַר האָט דער שטאַאַט אין זיין או-
טאָפּיסטישן סיסטעם אויפגעזויגן אין זיך אַלץ צוזאַמען:
ליבע, פאַמיליע, אייגנטום, קינדער-דערציאונג און רעליגיע
קאַמפּאַנעלאַ זעט-פאָראויס דעם אַבסאָלוטן דעמאָקראַטישן שטאַאַט,
אין וועלכן עס איז נישטאָ מער קיין געזעלשאַפט און קיין
געזעלשאַפטן און וועלכן מען קאָן דערפאַר אָנרופן סאָציאַל-
דעמאָקראַטישער שטאַאַט. קאַמפּאַנעלאַ, דער שרעקלעך-איינזאַ-
מער מענטש, האָט אַרומגענומען די וועלט מיט דער ליבע, פון
וועלכער און צו וועלכער עס וואַקסט דער גייסט פון דעם
דענקער. אָבער אין דעם סאָציאַלן לעבן פון מענטשן, וועלכן
ער האָט געזען אַרום זיך, און אין דער צוקונפט, איז שוין
נישט געווען אפילו קיין שאָטן פון ליבע: אַרום אים האָט גע-
הערשט די געוואַלט פון אומפאַרשטאַנד, אין דער צוקונפט האָט

ער פאָראויסגעזען די געוואַלט פון פאַרשטאַנד. ער איז געשטאָרבן און איז געוואָרן באַגראָבן אין פאַריז, אין דעם קלויסטער פון די דאָמיניקאַנער, וועלכע האָבן אין פראַנקרייך געהייסן יאַקאָבינער. עס איז א מערקווירדיקער סימבאָל פון דער געשיכטע, אז די מענטשן, וועלכע זענען שפּעטער אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געוואָרן קינדער און אויך פאָטערס פון יענעם גייסט, וועלכן קאַמפּאַנעלאַ האָט אלס ערשטער אויסגעדריקט, האָבן זיך פאַרזאַמלט טאַקע אין דעמזעלבן קלויסטער און אויך איבערגענומען זיין נאָמען.

# VI. דער אַנטי־מלוכהשער סאָציאַליזם.

מיט די אַלע רעוואָלוציעס פון דעם XVI און XVII יאָרהונדערט האָט אָנגעפירט טאַקע דער גייסט פון דער רעפּובליק, אָבער דער קאַמף איז נאָך צום גרעסטן טייל אומעטום געגאַנגען פּאַראַלעל מיט דעם שטרייט צווישן די אמונות. זייער אָפּט האָט די פאָדערונג פון פרייהייט פון געוויסן איבערגעהויגן די פאָדערונג פון פּאָליטישער פרייהייט. און בעת די רעבעלן האָבן זיך געריסן נישט אַזוי נאָך פרייהייט, ווי נאָך הערשאַפט, איז עס תמיד געווען אויך א קאַמף פאַר אונטערדריקונג פון דער אָדער יענער רעליגיעזער געמיינשאַפט. איצט אָבער, אין דעם סוף־יאָר פון דעם רעליגיעז־באַפאַרבטן 30־יאָריקן שטאַאטסקריג, האָבן זיך אין פראַנקרייך אָנגעהויבן פעריאָדן פון די רעוואָלוציאָנערע מלחמות, וועלכע מען רופט־אָן געוויינלעך די פראָנדע און וועלכע האָבן געבראַכט פראַנקרייך (טאַקע אין דעם טאָג, ווען מען האָט געשלאָסן דעם וועסטפאַלישן פרידן) די דערקלערונג פון דעם ערשטן מין קאָנסטיטוציע, פון די בירגער־רעכט און פון דער אומאָפּהענגיקייט פון פּאַרלאַמענט. אָט די רעוואָלוציע איז, אמת, געווען נאָך ענג פאַרבונדן מיט די קאַמפן פון די פעאָדאַלע פריצים און די פירשטן, אָבער די רעליגיעזע ענינים זענען שוין צום ערשטן מאָל געבליבן דאָ אָן א זייט. נאָך מער איידער אין ענגלאַנד איז דאָ שוין

אויפגעטרעטן די בורזשואַזיע, די שטייערן-פּאָליטיק און דאָס זעלבסטבאַוווסטזיין פון די שטאַאַטס-מענטשן. די פראָנדע קעגן דער קעניגין-רעגענטין און מאַזאַריני איז אין איר אָנהויב געווען ווידעראַמאָל עפּעס אַזוינס, ווי אַ רעפּעטיציע פון יענער רעוואָלוציע, וועלכע דאָס פאָלק און די פירנדיקע כחות וועלן דורכפירן אין XVIII יאָרהונדערט. פּונקט אַזוי ווי אַלע מאָדערנע באַוועגונגען (מיר וועלן דאָס באַלד זען), ריכטעט זיך אויך די פראָנדע אין אָנהויב נישט אַזוי קעגן די פּערזאָנען פון דעם טיראַן און קעניג, ווי קעגן דער שלעכטער מלוכה-פאַרוואַלטונג און די מיניסטאָרן. אויך דאָ האָט געפירט צו דער מפּלה די נאַרישע קעניגין, וועלכע האָט דורך אירע צען מאָל רייד דערפירט דערצו, אַז זי האָט „אַראָפּגעריסן דעם שלייער, וועלכער דאַרף שטענדיק פאַרדעקן דאָס, וואָס מען קאָן זיך טראַכטן וועגן דעם רעכט פון די פעלקער און פון די מלכים, וועלכע קאָנען זיך געפינען בשותּפות נאָר דעמאָלט, ווען אַלץ ווערט געטאָן בשתיקה". באַלד האָבן זיך די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דעם פּאַריזער פּאַרלאַמענט (צו יענער צייט — די העכסטע געריכטס-אינסטאַנץ) פאַראייניקט צו אַ גענעראַל-פּאַרלאַמענט און צו אַ מין גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַהאַנדלען „די רעפאָרמירונג פון דער מלוכה, די שלעכטע פאַרוואַלטונג פון די פינאַנסן, די פאַרשווענדערישקייט פון די פאַוואָריטן". מיר באַאָבאַכטן איצט ווידעראַמאָל, ביי די געשעענישן אין רוסלאַנד, ווי לעכערלעך און ווי טראַגיש עס חזרן זיך שטענדיק איבער די מלוכה-רעוואָלוציעס, די קעמפנדיקע און די באַקעמפטע כחות. אפילו אַ רעפּעטיציע פון דער באַרימטער שבועה אין דעם שפּיל-זאַל (1789) האָט שוין די רעוואָלוציע פון 1648 דורכגעמאַכט. אַז די קעניגין האָט אויף אַ גראָבן אופן פאַרבאָטן דעם גענעראַל-פּאַרלאַמענט זיך ווידער צו פאַרזאַמלען אין דעם זאַל פון דעם הייליקן לודוויק, האָט דער פּאַרלאַמענט געענטפערט, אַז „נישט קוקנדיק אויף אַלע פאַרבאָטן, וועלן די זיצונגען אין דעם זאַל פון הייליקן לודוויג דאָך ווערן פאָרטגעזעצט".

און אַזוי אַרום איז דעם 26-טן אויגוסט 1648 ווידער געקומען דער טאָג פון די באַריקאַדן אין פּאַריז: 100.000 איינוווינער פון פּאַריז זענען געשטאַנען באַוואָפנט אויף כמעט 2000 באַריקאַדן, וועלכע זענען אויפגעבויט געוואָרן אין אַן אומגלויבלעך-קורצער צייט מיט דער גרעסטער טעכנישער פולקאָמענקייט. די דעם קעניג טרייע עלעמענטן זענען אין דער ערשטער צייט געוואָרן איינגאַנצן באַזיגט און דערשראָקן; די קעניגין, מאַזאַריני און דער גאַנצער הויף זענען אַנטלאָפן. עס איז אַנטשטאַנען אַ קריג צווישן פּאַריז און די אָנהענגער פון קעניג. אָבער אין לויף פון די געשעענישן (פּונקט ווי ס'איז געווען אין ענגלאַנד, פּונקט ווי עס האָט געזאָלט ווערן צום סוף פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין XVIII יאָרהונדערט) האָבן דעם קאַמף איבערגענומען די מיליטער-לייט, אָנשטאָט דעם מאַכטלאָזן און צעריסענעם בירגערטום. עס איז שוין מער ניט געווען דער קאַמף צווישן רעוואָלוציע און פּאַרלאַמענט, נאָר אַ פּשוטער קריג מצד דעם פּרינץ פון קאָנדע; חוץ דעם האָט זיך שוין דאָ אַנטפּלעקט דער קעגנזאַץ צווישן דעם בירגערטום און דעם פּראָלעטאַריאַט פון די גרויס-שטעט. דאָ האָט זיך שוין באַוויזן, ווי שנעל דער רעוואָלוציאָנערער בירגער פאַרוואַנדלט זיך ווידער אין אַ שלום-ליבנדיקן בורזשוא, ווי נאָר עס שווימען-אויף די סתירות פון אייגנטום און ווי נאָר, אָנשטאָט דעם אימפּראָוויזירטן, באַגייסטערטן קאַמף פון שעהן, טרעט אויף די פּאַכמענישע, סאָלדאַטישע פירונג פון קריג אויף חדשים און יאָרן. אמת טאַקע צים סוף פון די קאַמפן האָט נאָך איינמאָל אויפגעלעבט דער רעוואָלוציאָנערע כח: עס איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג, וועלכע איז געווען געווענדעט אַזוי גלייכער מאָס קעגן דעם פּרינץ קאָנדע און קעגן די אָנהענגער פון קעניג און וועלכע האָט געוואָלט פאַראייניקן אַלע פּאַרלאַמענטן און קודם כל אַלע שטעט אין איין גרויסן פאַרבאַנד: אַ באַוועגונג, וועלכע איז געווען באמת פעדעראַליסטיש-רעפּובליקאַניש. „די פאַראייניקונג פון די גרויסע שטעט — זאָגט דער קאַרדינאַל פאַן רעטץ, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער

באוועגונג — האט בעקאנט ארויסגערופן ביי דער דעמאלטיקער שטימונג פון די שטעט טרויעריקע פאלגן און האט אוועקגעשטעלט אונטער א סכנה די מאנארכיע. א סך טוער פון יענער עפאכע האבן געוואלט שאפן אין פראנקרייך א רעפובליק און אויסלעשן אין איר דעם קעניגלעכן אויטאריטעט". אבער די כחות האבן שוין נישט מער בעניגט, און אט די רעפעטיציע פון דער מאדערנער מלוכה-רעוואלוציע האט זיך אויסגעלאזן נישט מיט א רעפובליק, נאר מיט א רעגירונג פון לודוויק XIV.

עס איז כאראקטעריסטיש פאר דערדאזיקער אונזערער איבערגאנגס-צייט, וואס זי קאן נישט פארטיק ווערן מיט קיין איינציקן פראבלעם, וואס אלץ, וואס איז גייסטיק טויט, שטייט אויף שטענדיק תחית המתים און וואס מען מוז שטענדיק פירן דיזעלביקע קאמפן. דער אבסאלוטיזם איז ווידער אויפגעשטאנען און האט זיך דערהאלטן אין כמעט דערזעלביקער גאנצקייט, אדער ער האט געשלאסן קאמפראמיסן מיט דער דעמאקראטיע; אפילו דער סכסוך צווישן די קירכן און דער קאמף פאר דער פרייהייט פון געוויסן איז פארבליבן. דידאזיקע תקופה איז נישט ביכולת איינמאל פאר אלעמאל וואס נישט איז צו פארניכטן אדער אויפצושטעלן. ווען עמעצער וואלט געוואלט פארפאסן א קאדעקס פון די אנגענומענע אמתן, למשל אין דער פילאזאפיע, אין די וויסנשאפטן, אין דער פראקטיק פון לעבן, און וואלט געוואלט אריינגעמען נאר דאס, אין וואס אלע זענען מסכים, וואלט אזא קאדעקס פונדעסטוועגן אויך היינט נאך געווען א ליידיק בלאט פאפיר. אזא מין איינקייט און קעגנזייטיקע פארשטענדעניש הערשט אבער אין די צייטן פון א רעוואלוציע. דעמאלט וואנדערן זיך די מענטשן געוואלטיק איבער דער גייסטיקער מהומה, איבער דעם מיש-מאש פון מיינונגען, וועלכער באהערשט די פאררעוואלוציאנערע צייט. אט אזוי, למשל, האט זיך געוואונדערט שאנפאר אין אנהויב פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע בנוגע דער צייט, וועלכע איז געקומען נאך דער טעטיקייט פון די ענציקלאפעדיסטן,

די רוסאָס און די וואָלטערס. מיר וועלן באַלד הערן זייַנע
ווערטער, און עס איז זייער טיפּיש פאַר זיי, אַז ער שרייַבט,
למשל, „דעמאָלט“, בעת עס האַנדלט זיך נאָר וועגן אַ צייט-
שטח פון אייניקע יאָר. די יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע דער-
שיינען אים — אין יאָר 1791 — אַזוי ווייט, ווי עפּעס אַן
אַלטע פאַרגאַנגענהייט; און אין די צוויי יאָר פון רעוואָלוציע,
בעת וועלכע ער האָט געשריבן זייַנע הערלעכע באַריכטן, איז
צונויפגעפּרעסט געוואָרן אַזויפיל געשעענישן, דאָס לעבן איז
אין אַזעלכע צייטן פון רעוואָלוציע אַזוי אינהאַלטסרייך און
פול מיט איינדרוקן, אַז די חדשים דערשיינען ווי צענדליקער
יאָרן, און די אַלע דאָזיקע מענטשן באַטראַכטן זיך אַליין ווי
אַ שטיק געשיכטע. אַפילו באַשיידענע מענטשן הייבן זיך אויף
איבער זייערע אייגענע גרענעצן, און נאָר מיט דער דאָזיקער
לעבנספולקייט פון די געשיכטס-מינוטן קאָן מען דערקלערן די
טויער פון די טעראָר-עפּאָכן, וועלכע גייען לאַכנדיק אָדער
רויִק, טראַכטנדיק דעם טויט, אויפן עשאַפאָט, אָדער שיקן
מיט אַ ברייטן זשעסט אַנדערע מענטשן צום טויט. שאַנפאָר
אַליאָ, וועלכער שרייבט די געשיכטע אין סאַמע ברען פון
דער רעוואָלוציע, זאָגט וועגן דער פריערדיקער צייט פאָלגנ-
דיקע ווערטער: „דעמאָלט האָט פראַנקרייך מיט זיך פאָרגע-
שטעלט אַ מערקווירדיק בילד... אַלץ איז געווען סתירה און
קעגנזאַץ אין דעמדאָזיקן קאַמף פון גייעט ליכט און אַלטע
טעותן... מען האָט געזען, ווי אין דעם גדר פון איין נאַציע
האָבן זיך פאַרשיידענע נאַציעס באַשעפטיקט די מיט ענציקלאָ-
פּעדיע און די מיט אינדולגענציעס, די מיט מאָליטישער עקאָ-
נאָמיע און די מיט אותות און מופתים, די מיט דעם „עמיל“
פון רוסאָ און די מיט דעם מאַנדאַט פון אַ בישאָף, די מיט
דעם קעניגלעכן פאַרלאַמענט און די מיט דעם „סאָציאַלן אָפּ-
מאַך“ פון רוסאָ, און מיט די פאַרטריבענע יעזויִטן, פאַ-
נאַנדערגעיאָגטע פאַרלאַמענטן און פאַרפאָלגטע פילאָזאָפן. אָט
דורך דעמדאָזיקן כאַאָס האָט די נאַציע מאַרשירט צו די אידעען,
וועלכע האָבן געזאָלט שאַפן אַ פרייע קאָנסטיטוציע“. מיר האָבן

אויבן דערמאָנט. אַז יעדעסמאָל, ווען עס ברעכט אויס אַ רע־
וואָלוציע, דערמאָנט זי זיך וועגן אַלע אירע פאָרגעגנער, די
פריערדיקע רעוואָלוציעס. און באַטראַכט זיך אַלס זייער קינד.
מער נישט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון XVI יאָרהונדערט
אין אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן אין דעם XVIII און האָט גע־
מוזט ערשט אויסגעגראָבן ווערן אין אונזער צייט. דאָס קומט
דערפון, וואָס די גייסטיקע עלעמענטן, באַזונדער אין פראַנק־
רייך, האָבן זיך אין משך פון די 200 יאָר אינגאַנצן אָפּגעווענדט
פון קריסטנטום און האָבן שוין מער נישט פאַרשטאַנען די
פאָרמען, אין וועלכע מען האָט אין XVI יאָרהונדערט געקעמפט
פאַר פרייהייט און קאָנסטיטוציע. ווען שאַנפאָר וואָלט ווידער
געקומען, וואָלט ער געפונען, אַז די פרייע קאָנסטיטוציע, צו
וועלכער די רעוואָלוציע האָט אין XVI און XVII יאָרהונדערט
געשטרעבט און וועלכע זי האָט אין XVIII יאָרהונדערט אויסגע־
קעמפט, איז נאָך אַלץ דאָ אָדער זי איז שוין ווידער דאָ,
אָבער אויך דער כאַאָס אין דער גייסטיקער אַטמאָספער און
אין די סאָציאַלע צושטאַנדן איז פונקט אַזוי אויך דאָ.

די צווייטע עפּאָכע פון די מלוכה־רעוואָלוציעס באַשטייט
(אויב מען זאָל לאָזן אָן אַ זייט די פראָנדע) פון דעם קריג
פאַר דער אומאָפּהענגיקייט אין אַמעריקע. פון דער פראַנצוי־
זישער רעוואָלוציע אין XVIII יאָרהונדערט און פון די באַוועגונגען, וועלכע האָבן זיך אָן איר אָנגעשלאָסן אין אַלע לענ־
דער אין XIX יאָרהונדערט. אָט די נייע עפּאָכע מוז אַלזאָ
ווידעראַמאָל פירן דעם אַלטן קאַמף: קעגן דעם אַבסאָלוטיזם
און דער געוואַלט, פאַר דעם קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַאַט און
געזעץ. אָבער געוויסע שינויים זענען דאָך פאַראַן. דער קאַמף
גייט שוין נישט הויפּטזעכלעך קעגן דעם קעניג און נאָך ווייניקער קעגן ברוטאַליטעט און געוואַלט, ער ווענדעט זיך ראשית
כל קעגן דער אומפעאיקייט און קליינלעכקייט פון זיינע משרתים.
אַ לאַנגע צייט, צום סוף פון דעם XVIII און ווידעראַמאָל אין
מיטן פון XIX יאָרהונדערט, ווערט דער מאָנאַרך באַטראַכט
אַלס אַ מער גלייכגילטיקער און ווייניקער וויכטיקער פאַקטאָר.

מען קעמפט מער צוליב די זאַכן, איידער צוליב די פאָרמען אָדער די פערזאָנען; דאָס, וואָס מען באַקעמפט, איז נישט מער קאָנצענטרירט אין דער איינהייט פון אַ ראש המלוכה; דאָס, צו וואָס מען שטרעבט, איז נישט קאָנצענטרירט אין דער איינהייט פון אַ באַגריף. אויף דעם אָרט פון פשטות איז געקומען די פאַרשיידנאַרטיקע פאַרצווייגטקייט און קאָמפּליצירטקייט; אויך די רעוואָלוציע האָט זיך ספּעציאַליזירט. דער קעניג מוז שוין מאַכן גאַנץ באַזונדער-שווערע פעלערן, כדי דער אינטערעס זאָל זיך קאָנצענטרירן אויף זיין פערזאָן און זאָל אָנצינדן דעם רעפּובליקאַניזם. אין דידאָזיקע רעוואָלוציעס, ווי מעכטיק זיי זאָלן נישט אויפטרעטן, האַנדלט זיך אייגנטלעך נאָר אין אַ צווישן-רעוואָלוציע: דער קאַמף גייט שוין נישט מער הויפּטזעכלעך קעגן דעם אַבסאָלוטן קעניג און נאָך נישט קעגן דער נייער איינהייט, קעגן דעם אַבסאָלוטן שטאַאַט. אַ סך מער איז עס אַ קאַמף פ א ר דעם אַבסאָלוטן שטאַאַט, פאַר זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און דעמאָקראַטיזירונג. מער אַלס קעגן דעם קעניג איז אָט דער קאַמף געווענדעט קעגן די שטאַנדן, אויף וועלכע דאָס קעניגטום שטיצט זיך: קעגן די גייסטלעכע און דעם אַדל, און דערמיט אויך קעגן דער שטאַנד-קאָנסטיטוציע, וועלכע האָט אין די פריערדיקע רעוואָלוציעס געזאָלט גראָד זיין דער יסוד פון דער רעפּובליק, דערווייל האָט די אַנטוויקלונג פון דעם האַנדל און די מאַנופאַקטורן שטאַרק געמאַכט דאָס בירגערטום; דער דריטער שטאַנד וויל דוקא פאַרפולשטענדיקן די צעשפּליטערונג פון די בירגער און דעם אינדיווידואַליזם. עס זענען נאָך פאַרבליבן רעשטלעך פון דער צייט פון די בונדן, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פּריווילעגיעס אָדער זענען געשטאַנען ווי-נישט-איז אַנדערש אין וועג; האָט מען דערפאַר צעבראָכן די שטאַנדן-קאָנסטיטוציע, האָט מען פאַנאַנדערגעלאָזן די צעכן, פאַרטיילט די געמיינדע-ערד (די נאָך איבערגעבליבענע רעשטלעך פון אַלטן געמיינשאַפטלעכן אייגנטום), אויפגעלייזט און פאַרבאָטן די באַרופס-אַסאָציאַציעס. ווייל דער בירגער מוז זיין נישט נאָר

פריי און אומאָפּהענגיק אין זיין געוויסן, יעדער בירגער מוז נישט נאָר מיטאַרבעטן אין שטאַאַט און באַהאַנדלט ווערן פון דעם שטאַאַט אין אַ גלייכער מאָס. אין יענע צייטן האָט געגאָלטן צוזאַמען מיט דעם לאָזונג פרייהייט און גלייכהייט נאָך אַ לאָזונג, וועלכער האָט פאַר יענע מענטשן געהאַט כמעט דעמזעלבן קלאַנג: פרייהייט און אייגנטום. דער שטאַאַט זאָל גאַראַנטירן די אַבסאָלוטע פרייהייט פון האַנדל און פון די אונטערנעמונגען דורך זיינע געזעצן, דורך דער אומאָפּהענגיקייט פון זיינע געריכטן, דורך די רעכטלעכע זיכערונגען, דורך דער פאַרטיילונג פון געזעצגעבערישער און פאַרוואַלטונגס-מאַכט. עס זאָלן נאָר זיין בירגער און שטאַאַט, קיין שום פאַראייניקונגען מחוץ דעם שטאַאַט; אָבער אויך דער שטאַאַט טאָר זיך נישט אַריינמישן אין דער פרייהייט פון אייגנטום. מען האָט געגלויבט, אַז אויף אַזאַ אופן וועט מען אַמבעסטן הויבן דעם וווילשטאַנד פון די בירגער, סיי די זעלבשטענדיקע, סיי די אָפּהענגיקע. און מען וועט פאַרגרעסערן דאָס נאַציאָנאַלע פאַרמעגן, פונקט אַזוי ווי פריער האָבן זיך, אין הסכם מיט דער רעפּובליקאַנישער באַוועגונג, אַנטוויקלט די נייע וויסנשאַפטן פון שטאַאַטס-רעכט און פעלקער-רעכט, איז איצט צוזאַמען מיט דער קאָנסאָלידירונג פון די נאַציאָנאַל-שטאַאַטן אַנטשטאַנען אַ נייע וויסנשאַפט, אָדער, בעסער געזאָגט, אַ נייער צווייג פון די שטאַאַטס-וויסנשאַפטן, די פּאָליטישע עקאָנאָמיע. לכתחילה האָט מען געמיינט, — דער נאָמען אַליין באַווייזט דאָס, — אַז מען וועט נאָר ווייטער אויסבילדן די שטאַאַטס-לערע; פונקט אַזוי ווי דער ערלעכער פּריוואַט-מאַן פירט אַ חשבון פון זיינע הכנסות און הוצאות, ווי דער סוחר פירט זיינע ביכער, אַזוי האָט אויך דער שטאַאַט געזאָלט האָבן אָרדענונג אין זיין ווירטשאַפט. די עקאָנאָמישע באַוועגונג איז ביי איר אָנהייב קודם כל אַ המשך פון דעם רעפּובליקאַנישן קאַמף קעגן דעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם אויף אַ באַזונדערן געביט. דער אַבסאָלוטער הערשער האָט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן זיין פּריוואַט-פאַרמעגן און דעם

מלוכה-פארמעגן. אַלץ האָט געהערט צום קעניג, אויך פּריוואַט-
פאַרמעגנס האָט דער קעניג באַטראַכט טעאָרעטיש און, אין
סך פון ספסוכים, פּראַקטיש אַלס זיין אייגנטום, איז ער
דאָך געווען דער לאַנד-האַר. ערשט די שפּעטערדיקע רע-
פּובליקאַנער און עקאָנאָמיסטן האָבן איינגעפירט דעם מאָדער-
נעם באַגריף פון שטאַאט. אויב פאַר די ערשטע רעפּובליקאַנער
איז דער שטאַאט נאָך געווען אידענטיש מיט די etats, ד. ה.
מיט די שטאַנדן, איז ער איצט געוואָרן טאַקע דער Etat, ד. ה.
א געאָרדנטע פאַרוואַלטונג פון אַן אומפּערזענלעכן אָרגאַניזם
מיט הכנסות און הוצאות. באַלד אָבער האָט מען גענומען
מערקן, אַז ס'איז פאַראַן נישט נאָר אַ באַלאַנס פון שטייערן
און אויסגאַבן, נאָר אויך אַ האַנדלס-באַלאַנס, אַ סטאַטיסטיק
פון אימפּאָרט און עקספּאָרט, אַז חוץ פון שטאַאטס-פאַרמעגן
איז נאָך פאַראַן אַ נאַציאָנאַל-פאַרמעגן. דאָ האָט מען צום
ערשטן מאָל ווידער אַנטדעקט אַ נאַציע, אַ פאָלק, אַ געמיינ-
שאַפט, וועלכע איז נישט געווען שטאַאט און פונדעסטוועגן
לחלוטין נישט בלויז אַ סומע פון אינדיווידועןן און אינדיווי-
דועלע דערגרייכונגען. מען האָט אַרויסגעפונען, אַז די אַנט-
שטייאונג און די צירקולאַציע פון די גיטער (פון דער שאַפונג
פון די רוי-פּראָדוקטן ביז צום פאַרברויך פון די פאַרטיקע
סחורות), זייער אויסטויש אויף געלט און קרעדיט, די פאַרשיי-
דענע פאָרמען פון קרעדיט-פאַרהעלטענישן און האַנדלס-געֿ-
שעפטן, אַז דאָס אַלץ קאָן מען באַשרייבן און איינאָרדענען
אין אַלגעמיינע פאָרמולעס און צוזאַמענפאַסנדיקע באַגריפן.
נישט-וויסנדיק דערפון, — מען ווייס עס נאָך עד היום נישט, —
האָט מען געמאַכט די צווייטע גרויסע אַנטדעקונג פון יענע
צייטן. די ערשטע אַנטדעקונג שטאַמט פון ז'אַ באָעטי; מסתמא
האָט נישט ער אַליין, נאָר די ערשטע רעוואָלוציאָנערע אַרויס-
געבער פון זיין שריפט האָבן געפונען דערצו דעם גליקלעכן
נאָמען: *ק ע ג ן  א י י נ ע ם!* דער נישט-איינער, דאָס איז גע-
ווען דאָס פאָלק פון די יחידים מיט דעם סווערענעם אינדי-
ווידואַל-געפיל, וועלכע זאָגן זיך אָפּ צו פאָלגן דעם איינעם

און רעבעלירן אויף אַזאַ אופן קעגן דער פאַרשקלאַפונג. קאָן מען טאַקע די צווייטע אַנטדעקונג אָנרופן מיט דעם נאָמען: דער ק ע ג ן - ש ט אַ ט, דער ניט-שטאַט. מען האָט אָנגעהויבן צו זען, אַז נעבן דעם שטאַט עקזיסטירט נאָך אַ געמיינשאַפט, ניט קיין סכום פון איזאָלירטע אינדיווידועלע אַטאָמען, נאָר טאַקע אַן אָרגאַנישע געמיינשאַפט, וועלכע באַשטייט פון פאַרשיידנאַרטיקע גרופּן און דערהויבט זיך צו אַ געביי מיט אַן אייגענעם טורעם. מען ווייס נאָך גאָרנישט, אָדער ניט פיל, וועגן דעמאָזיקן איבער-אינדיווידועלן געביי, וואָס טראָגט אין זיך דעם גייסט; אָבער עס וועט קומען אַ טאָג און מען וועט וויסן, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט אַ דערפינדונג פון עפּעס נייעס, נאָר אַן אַנטדעקונג פון דעם, וואָס איז שוין דאָ און עס וואַקסט. און דעמאָלט, ווען מען וועט אַנטדעקן די ריכטיקע בוי-שטיינער, וועלן זיך געפינען אויך די אמתע בויער.

מיר חזרן איבער: צוזאַמען מיט דער ווייטערדיקער אויסבילדונג פון אָט דער נייער דערקענטעניש אַנטוויקלען זיך צוויי שטרעמונגען. איינע פון זיי באַמיט זיך אַריינצוזעצן אין דעם שטאַט דידאָזיקע געביטן פון עקאָנאָמישן לעבן, וועלכע מען האָט ביז איצט געלאָזן אַנטוויקלען זיך סטיכיש; פאַר דער אַנדער שטרעמונג האָט דידאָזיקע דערקענטעניש באַטייט: אַנטדעקונג פון דער געזעלשאַפט. נעבן דעם שטאַט אין די איינצלנע צעשאָטענע אינדיווידוען איז פאַראַן עפּעס אַ דריטס: די געזעלשאַפט, וועלכע האָט אירע אייגענע פאָרמען פון געמיינשאַפטס-לעבן. דער עכטער געמיינשאַפטלעכער גייסט קומט-אויף ערשט, ווען די פאָרמאַציעס זענען דאָ, פון וועלכע ער וואַקסט אַרויס און וועלכע ער פאָרמירט; אָבער פריער, איידער עס קומט-אויף אָט דער געמיינשאַפטס-גייסט און אפילו די פאָרמאַציע גופא, איז שוין דאָ דער אינטואיטיווער, טעאָרעטיש-אַרבעטענדיקער גייסט פון דער וויסנשאַפט, וועלכע ברענגט-צונויף און פאַרבינדט די צעשטרויטע און פאַנאַנדערגעוואָרפענע עלעמענטן. אַזוי אַרום

איז די טעאָריע פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אויך געוואָרן
אַזאַ וויסנשאַפט ווי אַלע, וועלכע מיינען, אַז זיי שטעלן-אויף
גאָר טפאָרעמעס פון גייסט, בעת אין דער אמתן שאַפן זיי
כוחות פון דער פּראַקטיק. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט
געמיינט, אַז זי פאָרמולירט ראשית כל די אַזוי-גערופענע גע-
זעצן פון דער פּלאַנלאָזער פּריוואַט-ווירטשאַפט; אין דער
אמתן האָט די אָבער געבויט נישט קיין אַלגעמיין-גילטיקע
באַגריפן, נאָר געמיינשאַפטן אין לעבן. וואָס מער דידאָזיקע
באַגריפן האָבן זיך געיאָגט נאָך די געזעצן פון פּריוואַטן קאַ-
פּיטאַליזם, אַלץ מער האָבן זיי געהאָלפן שאַפן אין דער רעאַ-
לער ווירקלעכקייט אַ ס אָ צ י אַ ל ע עקאָנאָמיע. זיי האָבן גע-
זוכט אַבסטראַקציעס, וועלכע זענען געווען אין בעסטן פאַל
גוטע באַצייכענונגען, אָבער זיי האָבן אָנשטאָט דעם געפונען
געמיינשאַפט און גייסט, וועלכע זענען טאַקע רעאַליטעטן. —
ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט וויל איך אונטערשטרייכן, אַז
דער גייסט, וועגן וועלכן איך רעד אַזוי אָפט, איז גאָר ווייט
פון דער חושימדיקער אויפפאַסונג פון וועלט אין אירע איינצל-
הייטן. דאָס, וואָס איך רוף אָן גייסטלאָזיקייט און די צעשפּלי-
טערטקייט פון די יחידים, קאָן מען אויך אָנרופן סענסואַליזם,
חושימדיקייט. אויב אין דער רענעסאַנס-צייט האָבן זיך אַזוי
אויסגעלאָסן באַפרייט די חושים, איז דאָס געווען טאַקע דער-
פאַר, ווייל דער גייסט, וועלכער איז דער היפּך פון גשמיות,
איז פאַרשוואונדן געוואָרן. יעטוועדער גייסט באַהערשט און באַ-
שרענקט די מאַכט פון די חושים; אויך די גריכן זענען אין
זייער בעסטער צייט געווען אַ זייער ווייניק גשמיותדיק פאָלק,
פאַרקערט, זיי האָבן געשטרעבט צו דעם טיפּישן און אַלגעמיי-
נעם. און וועט אַמאָל קומען דער גייסט, וועלכער וועט אונדז
ווידער פאַרבינדן מיטן פאָלק, וועט דאָס דעמאָלט זיין אַ גייסט,
וועלכער וועט אויך אונזערע דענקער באַפרייען פון דער קוואַל
פון די בלאָנדזשענדיקע, עגבערנדיקע און פאַרשנדיקע חושים,
פון דער שרעקלעכער מאַסע פון קאָנקרעטע איינצלהייטן. ער-

וועט אַריינברענגען איינהייט און אָרדענונג סיי אין אונזער לעבן, סיי אין אונזער דענקען.

וואָלט איך נישט געמוזט שרייבן אָט דידאָזיקע אַרבעט אין יאָר 1907, בעת מיר שטייען נאָך אין דערמיט פון דער אַנטוויקלונג, וועלכע איך וויל שילדערן; אָדער וואָלט איך געהאַט די מאַכט אַזוי צו געשטאַלטן די לאַגע דורך מיין טעטיקייט, ווי איך וואָלט דאָס וועלן; אָדער ווען עס וואָלט דאָ געווען דערלויבט דעם אויטאָר צו געברויכן אַן אוטאָפּיסטישע שפּראַך, וואָלט איך געזאָגט פאָלגנדיקס: אָט דידאָזיקע ביידע ריכטונגען, וועלכע זענען אַנטשטאַנען נאָך פאַר די מלוכה-רעוואָלוציעס פון XVIII און XIX יאָרהונדערט, האָבן אַרויסגעלייגט זייער שטעמפּל אויך אויף די רעוואָלוציעס און אויפבוי-פּרוון פון XX יאָרהונדערט. די טוער פון איין ריכטונג האָבן זיך אָנגערופן פּ אָ ל י ט י ק ע ר, און צו זיי זענען צוגעשטאַנען אַלץ מער און מער אַלע פּאַרטייען. זיי האָבן זיך געשטעלט אַלס ציל אַריינצונעמען דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין דעם שטאַט, און אויסצובויען דעם אַבסאָלוטן, דעמאָקראַטישן, קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַט, נישט נאָר כדי צו זיכערן די בירגער איינעם פון דעם צווייטן, נאָר אויך כדי צו באַוואָרענען זיי קעגן אָרעמקייט, פאַרוואָגלטקייט און איינזאַמקייט. די צווייטע ריכטונג, וועלכע האָט זיך אָנגערופן ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש, האָט דערקלערט: זינט דעם מאָמענט, וואָס מען האָט אַנטדעקט די געזעלשאַפט, דאָס פרייע און פרייוויליקע צוזאַמענווירקן פון די כחות פון לעבן, האָט דער שטאַט נאָר איין-איינציקע אויפגאַבע: ער דאַרף, געמלעך, צוגרייטן מאָסנאַמען, כדי זיך אַליין אויפצולייזן און כדי צו שאַפן פרייען פּלאַץ פאַר דעם אומענדלעכן אויסבוי פון בונדן, אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן, וועלכע וועלן פאַרנעמען דאָס אָרט פון שטאַט און פון דעם פּלאַן- און בייסטלאָזן אינדיווידואַליזם אין דער ווירטשאַפט, פּראָדוקציע און צירקולאַציע. עס זענען נאָך דאָ איינציקע פאַרטרעטער פון אַ דריטער ריכטונג, וועלכע זענען בעשטאַנען אַן אַ זייט און האָבן מיט אַ ביטערן שמייכל אויף די ליפּן און מיט אַ פונק האָפענונג אין די אויגן געפרוווט

דערקלערן: דער וועג צו דער פולשטענדיקער אויסלייזונג פון שטאַט גייט טאַקע דורך דעם אַבסאָלוטן דעמאָקראַטישן ווירטשאַפטס-שטאַט. היות אָבער, ווי עס זענען נאָך קיינמאָל אין דער וועלט נישט געווען קיין אַבסאָלוטע פאָרמען, האָט דעריבער דידאָזיקע דריטע ריכטונג קיין שום אויסזיכטן נישט; אין איר קומט נאָר צום אויסדרוק דער געוואַלטיק-לאַנגער און שווערער וועג פון דער אַנטוויקלונג אין אונזערע צייטן.

אָט אַזוי וואָלט איך געקאָנט רעדן, ווען איך וואָלט נישט געשריבן די אַרבעט איצט. היות אָבער ווי איך שרייב זי איצט, מוז איך אויך פון די רעוואָלוציעס פון XVIII און XIX יאָרהונדערט, וועלכע ציען זיך נאָך אין אונזער צייט, געבן אַן אוטאָפּיסטיש בילד. אמת, אונזער איבערגאַנגס-צייט איז גראָד אין דידאָזיקע יאָרצענטן גאַנץ ווייט פון דידאָזיקע באַוועגונגען, פונדעסטוועגן בין איך פולשטענדיק איבערצייגט, אַז די רעוואָלוציע איז דאָ: זי איז נאָך דאָ, אָדער זי איז שוין ווידער דאָ. אָדער עס וועט קומען באַלד איבער אונז דער גייסט, וועלכער הייסט נישט רעוואָלוציע, נאָר רעגענעראַציע, אָדער מיר וועלן מוזן נאָך איין מאָל, און מער ווי איין מאָל, זיך טובל זיין אין דער רעוואָלוציע. ווייל דאָס איז טאַקע אין אונזערע יאָרהונדערטער פון איבערגאַנג די אויפגאַבע פון אַ רעוואָלוציע: טובל צו זיין די מענטשן אין גייסט. אין דעם פייער, אין דעם אימפעט, אין דער ברידערלעכקייט פון דידאָזיקע רעבעלישע באַוועגונגען דערוואַכט שטענדיק ווידער דאָס בילד און דאָס געפיל פון דער פּאָזיטיווער פאַרבינדונג דורך געמיינשאַפט און דורך ליבע, וואָס איז קראַפט. אָן דערדאָזיקער צייטווייליקער רעגענעראַציע וואָלטן מיר נישט געקאָנט ווייטער לעבן, וואָלטן מיר געמוזט אונטערגיין. עס וואָלט אָבער גאָרנישט דערביי, אַז מען זאָל דאַרפן אונטערגיין, הגם אונזערע לעצטע דורות האָבן אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע שוואַכקייט. אַפילו גרויסע טאַלענטן האָבן זיך אָפּגעגעבן דער קינסטלערישער פּוסטקייט און האָבן זיך כמעט

אײנגאנצן אפגעקערט פון געזעלשאפטלעכע פליכטן. קעגן יעטװעדן פעסימיזם טרעט-ארױס די געװאלטיקע געשעעניש, װעלכע עס האבן איבערגעלעבט די עלטער-זײדעס פון אונזערע יונגע מענטשן: די גרעסטע פון די אלע דאזיקע רעװאלוציעס, די פראנצױזישע פון סוף XVIII יארהונדערט. גראד דאס אוממעגלעכע האט שטענדיק געשאפן אין דער מענטשלעכער װעלט די נײע רעאליטעטן. דאס אוממעגלעכע פלעגט שטענדיק פארכאפן אן א צאל יחידים און דאס פאלק; אוממעגלעך-גרױס זענען דערבײ געװען נישט אזױ די װעגן און די צילן, װי די שטימונג און דער גײסט פון די מענטשן. װאס האט מען געװאלט לכתחילה דערגרײכן אין פראנקרײך? אײגנטלעך נישט מער װי ראטעװען דאס לאנד פון באנקראט. דא איז אבער געשען דאס, װאס עס האט שױן פאסירט אין דער ענגלישער רעװאלוציע, אין דער פראנדע און באזונדער אין דעם אמעריקאנישן קריג פאר אומאפהענגיקײט: די רעגירונג האט זיך פארעקשנט. װאלט די רעגירונג נישט געמאכט אײבעם נאך דעם אנדערן די אומגלױבלעכסטע פעלערן און נארישקײטן, װאלט עס נישט געקומען אין יענעם מאמענט צו קײן איבערברוך. בעת דער העזהדיקער אװאנטוריסט ט א מ א ס פ ע י ן האט געװידמעט די אמעריקאנער זײן פאמפלעט „דער שכל הישר”, אין װעלכן ער האט דערקלערט אלע רעגירונגען, און באזונדער די ענגלישע, פאר שעדלעך און נוצלאז, איז דאס געװען אן ענגלענדער, נישט קײן פראנצױז. אױך אין אמעריקע װאלט פון אזא גײסטיקער רעבעליע נאך לאנג נישט געקומען צו קײן רעװאלוציע און צו דער אײנפירונג פון דער סאמע פרײסטער רעפובליק אין דער װעלט, װען די ענגלישע רעגירונג און דער גרעסטער טײל פון ענגלישן פאלק װאלט נישט געװען אזױ פארבלענדט קעגן די קאלאניסטן אין אמעריקע. אבער אזא נארישקײט, אדער ברוטאליטעט, אדער שװאכקײט פון די רעגירונגען איז שטענדיק נאר דער פונק; און דעמאלט שטעלט זיך יעדעסמאל ארױס, אז דאס פאלק און זײנע דענקער און דיכטער זענען ענלעך צו א פולװער-פאס.

וואָס איז אָנגעלאָדן מיט גייסט און שעפעריש-צעשטערנדיקע כחות. אָט דער פאַקט גיט אונז דעם גלויבן אין די פאָרבאַהאַלטענע, אויפגעזאַמלטע כחות פון פאָלק, אַפילו בעת עס געפינט זיך אויף דער נידעריקסטער שטופע. אַזוי איז דאָס אויך געווען אין פראַנקרייך. בעת גראַף מיראַבאָ האָט אין יאָר 1788 געווידמעט די רעבעלירנדיקע האָלענדער זיין פּראָיעקט פון מענטשן-רעכט, איז דאָס פראַנצויזישע פאָלק נאָך געווען זייער ווייט דערפון, זיך אָנצונעמען פאַר זייערע א יי ג ע נ ע מענטשן-רעכט, — נישט געקוקט אויף דעם גייסט פון השכלה, פון חוזק און פרייהייט, וועלכער האָט געשטורעמט אויף איר מצד די גלענצענדיקע דענקער, נישט געקוקט אויף זיין ליידנשאַפטלעכן אָנטייל אין דעם באַפרייאונגס-קאַמף פון די אַמעריקאַנער. שאַמפאָר איז טאַקע גערעכט (און ער גופא איז אַ ביישפּיל דערצו), בעת ער זאָגט, אַז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז דער בעסטער באַווייז דערצו, ווי אַן אַלט-געוואָרענע און שוין לאַנג-פאַרדאָרבענע נאַציע קאָן ווידער מיט איינמאָל דערוואַכן צו קראַפט און פרייהייט. וואָלט דאָס נישט געווען אַזוי, דעמאָ‏ט וואָלט דער גאַנצער מענטשלעכער מין נישט גאָר פאַרמשפּט געווען צו אייביקער שקלאַפעריי, נאָר אויך צו פולשטענדיקער ירידה און פאַרניכטונג. ווייל מיר קאָנען דאָך נישט פאַרגעסן, אַז מיר אַלע זענען געבוירן אַלט און זענען שוין מער ווי איינמאָל פאַרדאָרבן געוואָרן.

אין קיין איין רעוואָלוציע, ביז צו דער פראַנצויזישער, האָבן די קעמפער נישט געהאַט אין זיך אַזאַ שטאַרק געפיל, אַז זיי מוזן מיט איין אימפּעט באַזייטיקן אַלע הינדערנישן, אָפּשאַפן אַלדאָס ביין, לעזן אַלע פראַגן, שאַפן פאַר אַלעמען גליק. דידאָזיקע רעוואָלוציע האָט בעשטימט אַלס איר אויפגאַבע דאָס, וואָס מיראַבאָ האָט פּראָקלאַמירט שוין אין זיין ערשטן פּראָיעקט פון מענטשן-רעכט: אַז די רעגירונג מעג ניט אַוועקגעשטעלט פון דעם פאָלק צוליב דעם גליק פון דעם פאָלק, אָט דאָסדאָזיקע געפיל. אַז מען שאַפט דורך העראָאישע אָנשטרענגונגען גליק און רו פאַר די קומענדיקע צייטן, האָט

עטאַפּ גליקלעך די רעוואָלוציעס. און דאָ זעען מיר נאָך עפּעס, וואָס איז באַצייכנדיק פאַר אַלע רעוואָלוציעס, אָבער באַזונדער פאַר דער פראַנצויזישער: אַ גייסט פון פרייד נעמט אַרום די מענטשן בעת דער רעוואָלוציע. אָט דער גייסט פון פרייד גייט פון דער רעוואָלוציע אַריבער שפּעטער אין די גרויסע איבערגאַנגס-צייטן; און דער יום-טוב, וועלכן די פּאַריזער פייערן נאָך עד היום מיט אויסגעלאַסענע טענץ אויף די גאַסן אין דעם טאָג פון שטורעמען די באַסטיליע, איז מער ווי אַ זכרון, עס איז אַן אוממיטלבאַרע ירושה פון דער רעוואָלוציע. הגם מיר, דייטשן, זענען שוין לאַנג נישט מער קיין פריילעך פאָלק (אין מיטלאַלטער איז מען עס יאָ געווען), האָבן מיר דאָך נאָך וווּנדער-שיינע ווערטער פאַר דעראַזיקער פריילעכקייט, ווי למשל, אויסגעלאַסן אָדער אויפגערוימט. אין דעם ערשטן וואָרט קומט צום אויסדרוק, אַז דער מענטש ווערט פון דעם שווערן עבר אַרויסגעלאָזן אין דער פרייהייט; דאָס צווייטע וואָרט באַטייט, אַז דער כאַאָטישער מענטש רוימט-אויף און שאַפט אָרדענונג אין זיך גופא און אין דער וועלט אַרום זיך. אָבער אין דער פריילעכער שטימונג פון אַ רעוואָלוציע דריקט זיך אויס נישט נאָר די רעאַקציע קעגן דעם פריערדיקן דרוק; די פרייד קומט אויך נישט נאָר דערפון, וואָס אין דער רעוואָלוציע איז צונויפגעפּרעסט אַ רייך, שטורמיש, ברויזנדיק לעבן. וויכטיקער פון אַלץ איז דאָ, אַז די מענטשן פילן זיך באַפרייט פון זייער איינזאַמקייט, אַז זיי לעבן איבער זייער געמיינשאַפטלעכקייט, זייער פאַרבונדנקייט, בפועל ממש זייער מאַסנהאַפטיקייט. דערפאַר טאַקע איז נישטאָ קיין העכערע פאַרקערפּערונג און פאַרגייסטיקונג פון אַ רעוואָלוציע און אַלע אירע באַדינגונגען, ווי די ניינטע סימפאָניע פון בעטהאָווען. נאָך דעם ווי די אין מעלאַנכאָליע פאַרזונקענע איינצל-נשמה לעבט איבער די שווערסטע מאָמענטן, נאָך דעם ווי זי פּרוווט זיך דערפאָלגלאָז צו זיין פריילעך און פריי אין דער איינזאַמקייט, נאָך דער מגושמדיקער צונויפפאָרונג און דער הימלדיקער חדות פון דעם.

איבער דעם מענטשן דערהויבענעם, גייסטיקן לעבן, גיסט זיך די סימפאָניע אַריין אין דעם מאַסן־כאָר פון דער פרייד. מיר זאָלן אויך נישט פאַרגעסן די ווערטער פון שילערס רעוואָלוציאָנערן ליד, וועלכעס בעטהאָווען האָט געלייגט אין יסוד פון זיין סימפאָניע: אַלע מענטשן ווערן ברידער, ווען דיין מילדער אָטעם בלאָזט... ס׳איז לחלוטין נישט אמת, ווען אין דער היינטיקער מוטלאָזער און אומסענטימענטאַלער צייט, וועלכע שעמט זיך מיט די געפילן פון ליבע און טרייסטאַפט, וויל מען אונז איינרעדן, אַז ברידערלעכקייט איז בכלל געוואָרן אַ פראַזע. מיר, מענטשן, מוזן זיך ווידער אויסלערנען הויך און פעסט נאָכצוזאָגן דער רעוואָלוציע און טאַקע אויך איר פאָראויסצוזאָגן, אַ ז  ד י  מ ע נ ט ש ן  ז ע נ ע ן  ב ר י ד ע ר. עס זענען פאַראַן ווערטער, וועלכע מען מוז נאָר דערהויבן צו דער ספערע, פון וועלכער זיי שטאַמען, כדי זיי תיכף אָפּצורייניקן פון דעם שטויב און דעם שכאָט פון לייכטזיניקע און קליינלעכע צייטן. פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן מיר באַקומען אָט דאָס וואָרט „ברידערלעכקייט" און דערפאַר האָט פון איר גאָר באַזונדער אַרויסגעשטראָמט די פרייד: וייל די מענטשן האָבן דערפילט, אַז זיי האָבן ברידער און שוועסטער.

אָבער די רעוואָלוציעס גייען גאָר שנעל באַרג־אַראָפּ, און די סיבה ליגט נישט נאָר אין די מענטשן, וואָס שטרעבן צו כבוד און הערשאַפט, קעגן וועלכע לאַ באָעטי האָט אַזוי שאַרף געוואָרנט. הגם די אוטאָפּיע איז אומבאַגרענעצט־שיין (מער אין דעם, ווי זי זאָגט, איידער אין דעם, וואָס זי זאָגט), פונדעסטוועגן איז די דערגרייכונג פון דער רעוואָלוציע גלייכצייטיק אויך איר סוף, וועלכער אונטערשיידט זיך נישט זייער שטאַרק פון דעם, וואָס איז געווען פריער. אָט דער סוף האָט זיך אָנגעמערקט אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע שוין זייער פרי. נישט די יאָגעניש נאָך כבוד און פּאַרטיי־מאַכט צווישן די פירער איז הויפּטזעכלעך שולדיק אין דעם; אויך נישט אין דעם ליגט די סיבה, וואָס די רעפּובליק איז געווען אַרומגערינגלט פון פיינט, האָט געמוזט פירן קריג

און האָט זיך פאַרוואַנדלט, ווי ביי היינריך IV אָדער אין קראָמוועלס צייטן, אין אַ מיליטער-שטאַאַט. די הויפּט-סיבה ליגט אין דעם, וואָס איך רוף-אָן די צייטווייליקייט פון דער רעוואָלוציע. מיר האָבן שוין אויבן גערעדט וועגן דעם: היות ווי די רעוואָלוציע אַנטהאַלט נישט אין זיך קיין שום אָדער יעדנפאַלס גאַנץ געהיינלעכע, אומגעניגנדיקע פּאָזיטיווע כּחות, היות ווי איר קראַפט ליגט הויפּטזעכלעך אין דער רעבעליע און נעגאַציע, זענען אויך די מיטלען, וועלכע זי ווענדט-אָן צוליב דעם טאָג-טעגלעכן קיום פון דער געמיינשאַפט, קלאָגעדיקע, געמיינע און פאַרעלטערטע. ווען אַ רעוואָלוציע פאַלט אָבער אַריין אין אַזאַ שרעקלעכער לאַגע, ווי די פראַנצויזישע, בעת פון אַלע זייטן באַדראָען זי די אינערלעכע און די אויסערלעכע פיינט, דעמאָלט מוזן די נאָך לעבעדיקע כּחות פון נעגאַציע און פאַרניכטונג זיך ווענדן קעגן זיך אַליין און שלאָגן זיך גופא. דער פאַנאַטיזם און די ליידנשאַפט פאַרוואַנדלען זיך דעמאָלט אין אומצוטרוי — אין דער סאַמע שמוציקסטער שייכות, וואָס קאָן נאָר זיין צווישן מענטשן, — אין יאָגעניש נאָך בלוט, אָדער צומינדעסטן אין גלייכגילטיקייט צו די שרעקן פון רציחה; באַלד ווערן אָט די שרעקן פון רציחה שוין די איינציקע מעגלעכקייט פאַר די מאַכטהאָבער צו האַלטן זייער צייטווייליקע מאַכט. עס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רעוואָלוציע, אַז זי איז נאָר אַ שוווּנג און אַ אימפּעט און אַ פאַרחלומט-זיין; אַזאַ איז זי געוואָרן ערשט רעכט, ווען זי האָט זיך פאַרמאָסטן צו לעזן סאָציאַלע פּראָבלעמען, די פראַגן פון אייגנטום, מיט די מיטלען פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע. דאָס האָט אויך געפירט דערצו (אויב מיר לאָזן אָן אַ זייט אַנדערע סיבות), אַז די רעוואָלוציע האָט זייער פרי אויפגעהערט צו זיין אַ באַוועגונג פון דעם גאַנצן פאָלק, אַז דאָס פאָלק איז זיך אַליין מער און מער פונאַנדערגעפאַלן אין פאַרשיידענע טיילן מיט אייגענע אינטערעסן און אַז די פּאָליטיק פון די עמיגראַנטן, וועלכע האָבן צוגעצויגן די אויסלענדישע פיינט, האָט געהאַט דערפאָלג.

איך האָב שוין אויבן געזאָגט, אַז עס וועט מוזן אַמאָל קומען צו דער גרויסער אַנטשיידונג צווישן שטאַאַט און געזעלשאַפט, ד. ה. צווישן דעם סוראָגאַט פון אַ געמיינשאַפט, דער געוואַלט-מאַכט, און צווישן דער עכטער געמיינשאַפט, דעם גייסטיקן בונד, און אַז דערווייל מישן זיך צונויף צווישן זיך די ביידע אַרטן פון מענטשלעכער פאַרבינדונג. עס וועט קומען דעמאָלט נישט צו אַן אַבסטראַקטער אַנטשיידונג, נאָר צו אַ אמת-רעאַלער: דורך פאַרניכטונג און שעפערישן גייסט. אָט דאָס, וואָס באָעטי האָט נאָך פּראָקלאַמירט קעגן דעם איינעם, דעם קעניג, — די אָפּשיידונג פון אים דורך אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד, — אָט דאָס וועט זיך ריכטן קעגן דעם איינעם, וואָס הייסט איצט שטאַאַט. מען וועט דעמאָלט דערקענען, אַז נישט די אָדער יענע שטאַאַטס-פאָרם טראָגט אין זיך די פאַרשקלאַפונג, נאָר אַז אין דעם שטאַאַט א ל ס אַ ז ע ל כ ן ליגט די זעלבסטפאַרשקלאַפונג, די זעלבסטפאַרלאָזנקייט, דער אומצוטרוי פון דעם מענטש נישט נאָר לגבי די אַנדערע, נאָר הויפּטזעכלעך קעגן זיך אַליין; דער שטאַאַט אַלס אַזעלכער האָט אַרויסגעבראַכט די פאָרם פון הערשאַפט, פון דעם דרויסנדיקן, פון דעם כּוח, אויפן אָרט פון דעם גייסט, פון דעם אינערלעכן, פון דעם לעבן. אין דער איבערגאַנגס-צייט אָבער, אין וועלכער מיר לעבן, זענען צונויפגעמישט צווישן זיך שטאַאַט און געזעלשאַפט; פּונקט אַזוי זענען זיגלאָז צונויפגעמישט צווישן זיך די עלעמענטן פון אַ פּאָליטישער און אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. עס איז זייער שווער פאַר אַ עלטערן מענטש צו אָנערקענען, און אויך טאַקע אין זיין אַקטיוויטעט צוצוגעבן, אַז ער איז נישט דער מיטלפּונקט פון דער ערד, נאָר אַז ער פאַרנעמט אַ שטיקל פּלאַץ עפּעס וו אויף אַ קליינעם פּאָסטן פון לינקס אָדער רעכטס. אַזוי איז עס אויך מיט די צייטן: זיי אַלע וואָלטן זייער געוואָלט זיין דער העכסטער פּונקט, אָדער דער ציל פון דער געשיכטע, אָדער עטוואָס באַזונדערס, אַפילו ווען זיי שאַפן נישט דערצו קיין שום באַזונדערע ווערטן. דערפאַר טאַקע וועלן אַ סך נישט וועלן צו-

געבן, אַז אונדזער צייט איז נאָר אַזוי עפּעס ווי אַן איבערגאַנגס-צייט, אָבער אַזוי איז דאָס פֿאָרט. עס וועט קומען די צייט, ווען מען וועט פֿאַרשטיין קלאָרער ווי היינט-צו-טאָג דאָס, וואָס דער גרעסטער פֿון אַלע סאָציאַליסטן, פּ ר ו ד אָ ן, האָט דערקלערט אין אייביקע, הגם פֿאַרגעסענע, ווערטער: אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט קיין שום ענלעכקייט נישט מיט דער פּאָליטישער, אַז געוויס קאָן זי נישט ווערן און בלייבן לעבעדיק אָן כלערליי פּאָליטישע רעוואָלוציעס, אַז אָבער אין תּוך איז זי אַ פֿרידלעכער אויפֿבוי, אַן אָרגאַניזירן פֿון און צו אַ נייעם גייסט, און נישט עפּעס אַנדערש. אָט דאָס, וואָס פּרודאָן האָט אָנגערופֿן „אומזיסטער קעגנזייטיקער קרעדיט און סאָלידאַרישע ערבֿות", איז געווען נישט מער ווי אַ ווירטשאַפֿטלעכער אויסדרוק פֿאַר דעם באַגריף, וועלכן מיר באַצייכענען מיט דעם נאָמען „געמיינשאַפֿטס-גייסט" און וועלכן ער אַליין האָט אָנגערופֿן אין זיין גרויסן מאָראַל-קריטישן ווערק מיטן נאָמען ג ע ר ע כ ט י ק ײ ט.

אָבער די גרויסע רעוואָלוציע און נאָך מער די אַלע געשעענישן, וועלכע זענען געקומען שפּעטער אין די מלוכות פֿון אייראָפּע, האָבן צונויפֿגעמישט אין אַ פֿאַרדרייטן קנויל פּאָליטיק און דאָס סאָציאַלע פּראָבלעם. ס'איז דאָ נאָר איין איינציקער פּונקט, ווו עס באַרירן זיך צווישן זיך נויטווענדיקערהייט שטאַט און געזעלשאַפֿט, פּאָליטיק און סאָציאַליזם, ווו אַ סאָציאַלע אַנטשיידונג קאָן קומען נאָר מיט די לעצטע מיטלען פֿון פּאָליטיק: דאָס איז דאָס פּ ר י וו אַ ט - א ײ ג נ ט ו ם א ו י ף ע ר ד, וועלכעס איז נישט נאָר גאַראַנטירט פֿון דעם שטאַט, נאָר טאַקע דורך דעם שטאַט געשאַפֿן אין דער היינטיקער פֿאָרם. דערפֿאַר טאַקע האָבן זיך די אַגראַרישע באַוועגונגען פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, די קאַמפֿן קעגן פֿעאָדאַליזם באַזיגט אויף דעם ריכטיקן באָדן. שוין דעמאָלט און נאָך מער אין די רעוואָלוציעס פֿון 1848 האָט מען אַ סך מאָל געפּרוּווט איבערצואַנדערשן די סאָציאַלע אומשטענדן (און נישט נאָר די אַגראַרישע) מיט די געוויינלעכע

מיטלען פון פּאָליטיק, מיט דעם רעוואָלוציאָנערן פּאַרלאַמענטאַ-ריזם, אָדער מיט געוואַלט; מען האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט אויף אַרבעט, מען האָט געשאַפן נאַציאָנאַלע וואַרשטאַטן, מען האָט געפּרוווט קומען צום סאָציאַליזם מיט דעם פּאָליטיק-וועג. פונדעסטוועגן בלייבט דאָס אַזוי, ווי דער דיכטער גאָט-פריד קעלער האָט געזאָגט: דער לעצטער נצחון פון דער פרייהייט וועט זיין טרוקן. פּאָליטישע רעוואָלוציעס וועלן מאַכן פריי דעם באָדן אין דעם וועלכן און יעדן אַנדערן זין; אָבער גלייכצייטיק וועלן ווערן צוגעגרייט די אינסטיטוציעס, אין וועלכע עס קאָן געבן דער בונד פון די ווירטשאַפטלעכע געזעלשאַפטן, וועלכער איז באַרופן צו באַפרייען דעם פון דעם שטאַט געפאַנגענעם גייסט.

ווייל מען דאַרף בשום אופן נישט מיינען, אַז מיר מעגן זיצן פּאַסיוו און וואַרטן ביז דער גייסט וועט קומען און רופן אונז צו דער אַרבעט. די דייטשישע גענאָסנשאַפט און אַסך אַנדערע אינסטיטוציעס פון געמיינשאַפט האָבן שוין עקזיסטירט איידער ס'איז געקומען דער גייסט, וועלכער האָט זיי שפּעטער דורכגעדרונגען און ערשט געמאַכט צו דעם, וואָס זיי באַטייטן פאַר דער קריסטלעכער צייט. פונקט אַזוי ווי ס'איז פאַראַן אַ מין גיין, נאָך איידער די פיס ווערן צייטיק, פונקט אַזוי ווי אָט דאָס גיין בויט און פאָרמירט ערשט די פיס, פונקט אַזוי איז דאָס מיט דעם גייסט: נישט ער ברענגט אונז אַרויף אויף דעם וועג, נאָר, פאַרקערט, אונזער וועג ברענגט אים אַרויס אויף דער וועלט אין אונז. וווהין מיר זאָלן אָבער גיין, וואָס מיר זאָלן אויפשטעלן און אויפבויען, אָט דאָס וויסן שוין אַלע, וועלכע זענען צוזאַמען מיט מיר דורכגעגאַנגען דעם וועג אין אָט דער שריפט. מיר זענען פאַנאַנדערגעפאַלן אין אַטאָמען, און אַנשטאָט צו שאַפן גיטער פאַר דעם פאַרברויך, פּראָדוצירן מיר סחורות, ד. ה. גיטער אָן מענטשן-באַציאונגען, נאָר לשם געלט-ריוח, — און אויך דאָס געלט איז נישט בלויז אַן אויסטויש-מיטל צוליב אונזערער געמיינזאַמער באַקוועמלעכ-קייט, נאָר עפּעס אַ משונהדיקע בריה (שוין נישט-רעדנדיק פון

די פיקטיווע געלט-ווערטן, מיט וועלכע די קאַפּיטאַליסטן באַרויבן זיך קעגנזייטיק). גאַנצע אַרמייען פון באַזיצלאָזע מענטשן מוזן זיך שטעלן אין דינסט פון די קאַפּיטאַליסטן, וועלכע שאַפן נישט דאָס רייכטום פון פאָלק, נאָר זייער אייגן פּריוואַט רייכטום. נאָך אַנדערע אַרמייען באַשטייען מייסטנס פון דיזעלביקע באַזיצלאָזע מענטשן, מוזן גאַראַנטירן אָדער פאַרגרעסערן פאַר די נאַציעס זייערע אָפּזאַץ-מערק און צווינגען זיך גופא מיט די וואָפן אין די הענט צו אַכטן דעם סאָציאַלן שלום. אַלע ווירטשאַפטלעך-טעכנישע פאָרטשריטן, ווי געוואַלטיק זיי זאָלן נישט זיין, זענען אַריינגעצויגן אין אַ סיסטעם פון סאָציאַלער ירידה, וועלכעס פירט דערצו, אַז יעטוועדע פאַרבעסערונג פון די אַרבעטס-אינסטרומענטן און יעטוועדע דערלייכטערונג פון דער אַרבעט פאַרערגערט די לאַגע פון די אַרבעטער. אונזער וועג דאַרף פירן דערצו, אַז אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן אינערלעך אָנערקענט די אוממעגלעכקייט אַזוי ווייטער צו לעבן, זאָלן זיך פאַראייניקן אין בונדן און שטעלן זייער אַרבעט אין דעם דינסט פון זייער פאַרברויך. זיי זאָלן דאָס טאָן אין קאָלאָניעס, אין גענאָסנשאַפן, אונטער שווערע באַדינגונגען. זיי וועלן זיך באַלד אָנשטויסן אָן די גרענעצן, וועלכע דער שטאַאַט שטעלט אַוועק פאַר זיי: זיי וועט פעלן ערד. אָט דאָס איז דער פונקט, ביי וועלכן די רעוואָלוציע, פון וועלכער מיר האָבן ביז איצט גערעדט, וועט אַריבערגיין אין אַן אַנדער רעוואָלוציע, וועגן וועלכער עס לאָזט זיך איצט גאָרנישט זאָגן, ווייל זי איז נאָך וויים. אויך וועגן דער סאָציאַלער רעגענעראַציע, אויף וועלכער איך האָב דאָ נאָר אָנגעטייט, קאָן מען דאָ נישט פיל זאָגן. די התחלות און טענדענצן, וועלכע זענען שוין פאַראַן, שאַצט יעדער אָפּ לויט די האָפענונגען, וועלכע ער לייגט אויף דער צוקונפט. אָבער איך וועל אין אַן אַנדער אַרבעט ווידער אויפנעמען דעם פאָדים און באַטראַכטן סיסטעמאַטיש דעם צוקונפטיקן סאָציאַליזם. אין די אומצייליקע שריפטן און דעקלאַראַציעס פון די רעוואָלוציעס פון XIX יאָרהונדערט, ביי פּרודאָן, באַקונין,

מאַרקס, ביי אַלע אינטערנאַציאָנאַליסטן, אָבער אויך ביי אַלע טוער פון דעם יאָר 1848 אין פאַרשיידענע לענדער, ביי מאַדזיני, ביי די פאַריזער קאָמונאַרן, ביי די שפּאַניער, אומעטום קאָן מען שטענדיק געפינען דעם געדאַנק, אַז די גרויסע רעוואָלוציע באַגרענעצט זיך נישט מיט פראַנקרייך אַליין און אַז זי האָט זיך נישט פאַרענדיקט עפּעס ווו אין דעם אָנהויב פון XIX יאָרהונדערט. זיי פילן אַלע מיט אַ טיפן באַוווסטזיין, אַז ס'איז נאָר דאָ איין רעוואָלוציע, וועלכע לעבט איבער פויזעס פון מידקייט, אָבער רייסט זיך שטענדיק ווידער אַרויס אויף דער וועלט. באַזונדער זענען די רעוואָלוציעס פון 1848 אין די פאַרשיידענע לענדער געווען אין פּאָליטישער הינזיכט נאָר דערגענצונגען, צו וועלכע עס האָט נישט געקאָנט קומען פריער צוליב די מלחמות פון נאַפּאָלעאָנען. נאָך די געשעענישן פון 1870—1871 שיינט עס, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לענגערע פויזע, אַ דאַנק דעם אומאויפהערלעכן קריגס-צושטאַנד (וועלכן מען רופט אָן שלום) און דעם פאַרשטאַרקטן נאַציאָנאַליזם. אויב קיין איינציקער פון דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערע פרווון האָט ביז איצט נישט דערגרייכט זיין ציל, איז דאָס אָבער נאָך נישט קיין גרונט אָנצונעמען, אַז די רעוואָלוציע וועט ווידעראַמאָל באַלד אויסברעכן; ווייל מיר האָבן שוין געזען, אַז די רעוואָלוציע דערגרייכט אייגנטלעך קיינמאָל נישט איר ציל און אַז זי פאַרפאָלגט גיכער איר אייגענעם צוועק פון אָפּפרישן די כחות, פון אַרויסברענגען דעם גייסט. דערמיט וויל איך נישט זאָגן, אַז דידאָזיקע גרויסע רעוואָלוציע האָט נישט פאַרווירקלעכט קיין שום גרויסע בלייבנדיקע ווערטן. דאָס, וואָס עס איז פון איר פאַרבליבן, האָט שוין אין יאָר 1793 קלאָר אַרויסגעזאָגט דער רעוואָלוציאָנער קאַמיל דעמולען אין אַ בריוו צו זיין פאָטער: „עס שיינט, אַז די רעוואָלוציע האָט נישט אַריינגעבראַכט אין דעם קאָלעקטיוו פון די, וואָס באַהערשן די רעפּובליק, קיין שום פאַרשטאַנד; איך זע פוסטע גאווה כמעט אומעטום דאָרטן, וווּ ס'איז פריער געווען פוסטע גאווה, און יאָגעניש נאָך רייכקייט, פונקט ווי עס איז פריער געווען. אָבער די פרייהייט פון דער פרעסע איז אַ וויכטיק

מיטל, וועלכעס מיר פאַרדאַנקען דער רעוואָלוציע; דער נייער רעזשים שטייט העכער פאַר דעם פריערדיקן דערמיט, וואָס די שווינדלער ווערן געהאָנגען און וואָס די עם הארצים און די שוטים ווערן דורך שפּאָט פאַרניכטעט. דער אַלגעמיינער צו־שטאַנד איז איצט אָן אַ שיעור בעסער, איידער פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, ווייל ס'איז פאַראַן אַ האָפענונג צו קאָנען אים פאַרבעסערן; דאָס פעלט אָבער אונטער דעם דעספּאָטיזם, וועמעס שקלאַפן זענען די פאַרשאָלטן, אָן קיין שום האָפענונג"...

אָט דאָס טאַקע האָט אונז איבערגעלאָזן בירושה די לעצטע רעוואָלוציע, כאָטש אפילו די שווינדלער, פון וועלכע דעמזלעט רעדט, ווערן שוין היינט ווידער נישט אַזוי לייכט געהאָנגען, ווי אין 1793. דערפאַר אָבער גילאָטינירט מען היינט־צו־טאָג אויך וויניקער איידעלע און מוטיקע מענטשן; העכסטנס פאַרשפאַרט מען זיי אין געפענגעניש. בכלל שיינט עס, אַז איין דערגרייכונג האָט אונז יענע רעוואָלוציע איבערגעלאָזן בלי שום ספק: די פרייהייט פון דער מיינונג קאָן שוין מער נישט ווערן געשטערט אויף אַ לענגערער צייט, קיין זאַך איז שוין מער נישט אומבאַרירבאַר־הייליק, קיין זאַך קומט נישט מער צו רו, אַלץ איז אין פלוס...

איך האָב אין דערדאָזיקער אַרבעט נישט גערעדט וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד. קיינער קאָן איצט נישט זאָגן, צי די רעוואָלוציע געפינט זיך דאָרטן נאָך אין איר ערשטער אַנטוויקלונג, אָדער צי גייט זי שוין באַרג־אַראָפּ. מען ווייס אויך נישט, צי רוסלאַנד וועט פשוט נאָכמאַכן דאָס, וואָס דאָס איבעריקע אייראָפּע האָט שוין געהאַט, אָדער צי אין רוסלאַנד הויבט זיך עפּעס אָן, וואָס וועט געהערן אויך צו אַנדערע פעלקער. גענוי ווייסן מיר קיין שום זאַך נישט וועגן אונזער נעכסטן וועג; ער קאָן פירן איבער רוס־לאַנד, ער קאָן אויך פירן איבער אינדיע. אָבער איינס קאָנען מיר וויסן: אַז אונזער וועג פירט נישט דורך די ריכטונגען און די קאַמפן פון דעם טעגלעכן לעבן, נאָר דורך דאָס אום־באַקאַנטע, טיף־פאַרבאַהאַלטענע און פלוצימדיקע.

# איבער סאָציאַליזם און זידלונג

## טעזיסן וועגן דער ווירקלעכקייט און דער פאַרווירקלעכונג

(אָקטאָבער 1915)

1. מענטשן אַרבעטן, כּדי צו שאַפן נאַטור-פּראָדוקטן פאַר די באַדערפעניש פון זייערע נאַטור-אינסטינקטן און זייער גייסט. כּדי די פּראָדוקטן אויף אַ צוועקמעסיקן אופן איבערצואַרבעטן, אָנצוזאַמלען און צוצושטעלן ביז דעם אָרט פון זייער פאַרברויך, — אָדער כּדי צו דערלייכטערן די דאָזיקע אַרבעט גופא און צו פאַרגרעסערן איר פּראָדוקטיוויטעט.

2. געמיינזאַמע אַרבעט אין פאַמיליעס און אַרבעטס-גרופּן (הויז, גאָרטן, פעלד, גאַסן און באַנען, טייכן און ימים, וואַר-שטאַט, פאַבריק, געביי, גרובן), אויסטויש פון פאַרשיידענע אַרטן אַרבעט און דינסט (דאָ געהער די אַרבעטס-טיילונג) און אויסטויש פון די פּראָדוקטן סיי אין רויען, סיי אין האַלב-פאַרטיקן אָדער פאַרטיקן צושטאַנד, — דאָס זענען די נויט-ווענדיקע מיטלען צו דערלייכטערן די אַרבעט און פאַרגרעסערן די פּראָדוקטיוויטעט.

3. די עלעמענטאַרסטע פאָרם פון אַרבעט איז יענע, ביי וועלכער דער מענטש, צי אַלס יחיד, צי אין גרופּן, באַהערשט די נאַטור דורכדעם, וואָס ער באַנוצט זיך נאָר, אָדער הויפּט-זעכלעך, מיט זיין אייגענער פיזישער קראַפט אוממיטלבאַר ווי מיט אַ מאָטאָר. אין משך פון דער פאַרפיינערונג פון לעבן אָדער פון דער ציוויליזאַציע ווערן די נאַטור-שטאָפן און כּוחות אַזוי אויסגעבילדעט און צוגעפּאַסט צו יעדן שטיק

נאַטור, וועלכעס מען וויל באַהערשן, אַז דער געשאַפענער מעכאַניזם פון דער נאַטור דינט שוין דעם מענטש אַלס ווערקצייג (הויזלעכע בהמות, מיסט פאַר די פעלדער, ווערקצייג אין ענגערן זינען און אַלע מעכאַנישע אינסטרומענטן, וואַרעמקייט, ליכט, הינט, פליסנדיק וואַסער, דאַמף, עקספלאָזיוו־שטאָפן, עלעקטריציטעט).

4. פונקט אַזוי ווי דאָס מיטל פון ווערקצייג באַדינט צוועקמעסיק דעם פאַרקער צווישן מענטש און נאַטור, פונקט אַזוי ווערט דער אויסטויש פון פראָדוקטן צווישן מענטשן באַדינט דורך דעם אויסטויש־מיטל, דורך ג ע ל ט. געלט איז דאָס, וואָס עס איז גילטיק, ד. ה. געלט האָט אַזאַ אַלגעמיינע גילטיקייט, אַז אַ דאַנק אים קאָן יעטוועדער נוצלעכער פראָדוקט געליפערט ווערן צו יעטוועדן מענטש, אפילו דעמאָלט, ווען דער מקבל קאָן נישט אָנבאָטן דעם ליפעראַנט צום אויסטויש קיין שום פראָדוקט, אין וועלכן יענער נויטיקט זיך. געלט איז די פאַרטרעטונג פון אַלע פראָדוקטן און אַרבעטן. געלט פאַרבינדט יעטוועדן מיט אַלעמען, אַזוי אַז די פאַרבינדונג מוז נישט זיין דוקא אַ קערפערלעכע. דורך געלט מוז נישט אויסגעטוישט ווערן ווירקלעכקייט אויף ווירקלעכקייט; ווירקלעכקייט קאָן אויסגעטוישט ווערן אויך אויף אַ זיכערער מעגלעכקייט. אַ דאַנק געלט ווערט אין דער ווירטשאַפט פון די מענטשן אַריינגעפירט אַ פאַנטאַסטישער, גייסטיקער עלעמענט; דער קאָמוניזם פון די גופים און דאָס לייבלעכע באַהעפט־זיין פון די גרופן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ מין איידעלערער געמיינשאַפט, אין אַזעלכע שייכותן, ביי וועלכע געמיינשאַפט און איינזאַמקייט שליסן זיך קעגנזייטיק נישט מער אויס. דער משל פון געלט האָט געהאָלפן די אַמאָליקע דיכטער־פילאָזאָפן, אין דער ערשטער ריי העראַקליטן, צו פאָרמולירן די העכסטע און שענסטע זוכענישן נאָך אמת. אַזוי איז אויך געלט געווען אין דער ווירקלעכקייט — די מיסטיק פון דעם אַרבעטס־לעבן, די קרוין פון דער פרייהייט, די גאַראַנטיע פון פאַרוואַנדלונג און דערנייערונג, פון חכמה און קונסט, די דערמעגלעכונג פון אַ

געשלאָסענער און דאָך נישט רעגלאַמענטירטער פּאָלקס-ווירט-שאַפט, א סימן און אַ רוף צו דעם וועג פון אַ פרייער און דאָך פאַרבונדענער מענטשהייט פון פעלקער.

5. דאָס געלט איז אין דער ביזאַנטיקער ווירטשאַפט גלייכצייטיק פונקציע און שטאָף; אין דעם שטראָם פון אויס-טויש, וואָס רופט זיך אָן צירקולאַציע, נעמט עס אָן דריי פאַרשיידענע פאָרמען: פון הכנסה, פון הוצאה און פון אָנגע-זאַמלטן געלט.

6. דער פאַקט, וואָס דאָס געלט פון דער ביזאַנטיקער ווירטשאַפט איז נישט בלויז אַן אַלגעמיין-גילטיקער פאַרטרע-טער פון אַלע סחורות, נאָר אויך אַ ווערטפולער שטאָף פאַר זיך, וועלכער לאָזט זיך, סיי מאַטעריעל, סיי יוריסטיש, אויפ-זאַמלען אָן אַ סוף, — אָט דער פאַקט פאַרוואַנדלט דאָס געלט אין עפּעס גאָר אַנדערעס ווי אַ מיטל פון פאַרקער: אין אַ געפערלעכן מקור פון צווייטייטיקייט. מען קאָן זיך פאָרשטעלן דאָס געלט אַלס אַן עכטע און דערפאַר געוווּנשענע מאַטעריעלע סחורה צווישן אַנדערע סחורות, אָט ווי עס איז געווען אין סאַמע אָנהויב פון מסחר, בעת די ראַלע פון געלט האָבן געשפּילט, למשל, בהמות אָדער צירונג; אָדער מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס געלט איז, טאַקע לויט זיין איבער-לעכן מהות, דאָס נישט-מאַטעריעלע און אַבסאָלוט-גייסטי-קע מיטל, וועמעס פאַרקערפּערונגס-פאָרמען זענען דאָס וועקסל, דער טשעק, דער קרעדיט, און אַפילו פּאַפּיר-געלט. אָבער אין אָט די ביידע פאַלן האָט מען זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס געלט זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין עפּעס גאָר אַנדערעס אַ דאַנק זיין טאָפּלזיניקער שטעלונג צווישן סחורה און אויסטויש-מיטל: אין אַ קאַפּיטאַל, וואָס טראָגט צינזן, און אַזוי אַרום אין אַ צווייטער מעגלעכ-קייט צו דערווערבן פאַר זיך אָן שום אייגענע אַרבעט די אַרבעטס-פּראָדוקטן פון אַנדערע מענטשן. דאָס געלט, וואָס איז לויט זיין תּוך אַ סך לופטיקערע און שנעלערע פאַרבינדונג צווישן מענטשן איידער דער דראָטלאָזער טעלעגראַף, האָט זיך

פאַרוואַנדלט אין אַ דיקן דראָט און אין אַ מערדערלעכן דראָטן-צוים צווישן די מענטשן. אָנשטאָט דעם אויסטויש פון פּראָדוקטן קעגן פּראָדוקטן מיט דעם מיטל פון געלט — וואָס איז אייביק פליסנדיק, אין עצם נישטיק און לופטיק, דאָך אָבער אַ מיטל פון גלייכווערטיקער אָפּשאַצונג — איז אויפגעקומען דער אויסטויש פון געלט — וועלכעס איז נאָך געלט און שוין נישט מער געלט — קעגן פּראָדיקטן. פון דעם אין העכסטן מאָס רעלאַטיוון געלט איז געוואָרן אַן אַבסאָלוט געלט. דער אויסטויש פון אָט דעם אַבסאָלוטן, פון דער צירקולאַציע אַרויסגעריסענעם געלט קעגן פּראָדוקטן איז אין עצם אַ אויסטויש פון רעלאַטיוון ג אָ ר נ י ש ט קעגן עפּעס, נעמלעך פון נישט-אַרבעט קעגן אַרבעט. און היות ווי געלט בלייבט שטענדיק געלט, ד. ה. נאָר גילטיקייט, פאַרטרעטונג אָדער רעלאַטיווקייט, איז אויך דער אַבסאָלוטיזם, די זעלבשטענדיקע פרוכטבאַרקייט פון דעם געלט נאָר אַ כלומרשטיקע. געוויס, דער בעל חוב צאָלט זייער אָפט דעם קאַפּיטאַל ציִנזן, וועלכע ער שאַפט פון געלט-מיטלען, וואָס אַנטשטייען ווידעראַמאָל פון פּיקטיווע באַציאונגען. אָבער סוף כל סוף פאַרוואַנדלען זיך אָט די אַלע ציִנזן-הכנסות אין זייער רעאַלע פּראָדוקטן, וועלכע גייען אַריבער, לטובת פון די קאַפּיטאַליסטן פון אַלע מינים, אין זייער טאָג-טעגלעכן קאָנסום, אין זייער לוקסוס און אין דער פאַרברייטערונג פון זייערע באַטריבן. אמת, די ציִנזן זענען נישט קיין פּיקציע און זיי ווערן ווי-נישט-איז געשאַפן, אָבער עס שאַפט זיי נישט דער קאַפּיטאַל (ווייל פון גאָרנישט קאָן אויך גאָרנישט אַרויסקומען!), נאָר זיי ווערן געליפערט די קאַפּיטאַליסטן דורך דער אַרבעט פון אַנדערע מענטשן. די רענטאַבּיליטעט פון דעם קאַפּיטאַל איז נישט פּראָדוקטיווקייט, נאָר פּאַראַזיטיזם.

7. די ע ר ש ט ע מעגלעכקייט צו דערווערבן פאַר זיך אָן שום אייגענער אַרבעט די אַרבעטס-פּראָדוקטן פון אַנדערע מענטשן באַשטייט אין דער פיזישער געוואַלט, אָדער אין דעם ברוטאַלן צוואַנג. די פיזישע געוואַלט דריקט זיך אויס אומ-

מיטלבאַר אין דעם צווינגען צו אַרבעטן (שקלאַפעריי), מיטל־באַר אין דעם אָפּנעמען אָדער ניט־אָפּגעבן די אַרבעטס־פּראָדוקטן.

8. מיט דער פיזישער (קריגערישער און יוריסטישער) געוואַלט פאַרבינדט זיך אין די סאַמע פאַרשיידענע פאָרמען דער אָבערגלויבן, װעלכער פירט צו פרייוויליק־געטראָגענער שקלאַפעריי און אונטערטעניקייט.

9. פון די אַלע אוצרות, װעלכע װערן אַװעקגענומען אָדער ניט אָפּגעגעבן דורך דער פיזישער געװאַלט, װעלכע װערן דורך די אונטערטעניקע אויסגעליפערט צו די באַלעבאַ־טים, איז דער װיכטיקסטער אוצר — ד י ע ר ד.

10. די ערד איז ניט בלויז, װי אַלע אַנדערע אוצרות און סחורות, אַ פּראָדוקט, זי איז ניט קיין פּראָדוקט פון דער נאַטור אָדער פון דער מענטשלעכער אַרבעט. נאָר זי איז (װי עס באַװייזט שוין דער דייטשישער טאָפּל־װאָרט „גרונט און באָדן") דער גרונט, פון װעלכן עס קאָנען ערשט אַנט־שטיין אַלע פּראָדוקטן. דער חילוק ליגט ניט אין דעם אונ־טערשייד פון באַװעגלעכע און אומבאַװעגלעכע זאַכן (װען־ניט־איז אַמאָל, אין אַ ריינערער צייט, װעט מען עס אויך באַטראַכטן אַלס אַ װוּנדער פון דעם גאָט, װאָס עס האָט באַװיזן אויך די ערד צו פאַרװאַנדלען אין אַ באַװעגלעכע זאַך, װעלכע לאָזט זיך אויסטוישן אויף אַ גערעכטן אופן), נאָר אין דעם, װאָס אַ ל ע זאַכן אין דער װעלט זענען װעלכע־ניט־איז פאָרמען פון פּראָדוקטן פון דער איין־איינציקער זאַך — פון דער ערד. די ערד איז ניט פּראָדוקט אָדער סחורה, נאָר אַ פאָראויס־זעצונג פון לעבן, אַ שטיק נאַטור, פּונקט װי לופט, ליכט און ים. און אויב די ערד זאָל שוין מוזן אַמאָל װערן אַן אָביעקט פון אויסטויש צוליב אידעעלע און נויטװענדיקע שייכותן פון מענטשן, מוז זי דאָך שטענדיק אויפהאַלטן איר הויפּטזעכלעכן כאַראַקטער: צו זיין נאַטור.

11. לופט, ליכט און ים קאָנען קיינמאָל ניט זיין קיין אייגנטום, ניט פּריװאַט־אייגנטום און ניט קאָלעקטיװ

אייגנטום. זיי זענען פ ר ײ. לויט די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פון די פעלקער ווערן לופט, ליכט און ים באַוווינט פון געטער און גייסטער; אָבער דידאָזיקע רעליגיעזע פאַרערונג האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרוואַנדלט אין שייכותן פון שקלאַפעריי.

12. אין דעם באַוווסטזיין פון די פעלקער איז אומצעשטערבאַר פאַרוואָרצלט די אידעע פון דער פרייהייט פון ערד. יעדעסמאָל, ווען מענטשן פאַרלאָזן צייטווייליק זייערע אייגנגעזעסענע חוין-פלעצער. גייען זיי צו דער פ ר ײ ע ר נאַטור. אפילו די פרידלעכסטע חיות, װעלכע געפינען זיך אין דער פרייער נאַטור, רופט מען אָן ווילדע חיות, ווייל די פרידלעכקייט אָדער די ציוויליזאַציע און דאָס אייגנטום-רעכט פון די איינגעפונדעוועטע ישובים זענען נישט חל אויף זיי. דאָס רעכט אָנערקענט נישט קיין פריוואַט-באַזיץ לגבי בלומען אָדער פרוכטן פון וואַלד, פונקט אזוי ווי, לויט די געוויינהייטן פון מענטשן, איז נישט פאַרבאָטן צו באַנוצן זיך אויף אַ ווײלע מיט די בלומען און פרוכטן פון די גרויסע פאַרקן, לאָנקעס און פעלדער.

13. לויט זייערע געוויינלעכע רעכטס-פאָרשטעלונגען אָנערקענען די מענטשן בלי שום ספק דעם פריוואַט-באַזיץ פון קליינע און מיטעלע לאַנדווירטשאַפטן. אויב זיי אָנערקענען צום טייל אויך דעם גרויסן גרונט-באַזיץ, מוז מען זוכן די סיבה דערפון אין דער געשיכטע פון די פאַרעלטערטע געפילן: אין די רעליגיעז-באַפאַרבטע געפילן פון אונטערטעניקייט און הכנעה פאַר דער פירשטלעכער געוואַלט. דער גרונט-האַר אָדער seigneur איז גלייכצייטיק מלוכה-האַר, ד. ה. שוין נישט נאָר באַלעבאָס איבער דער ערד, נאָר אויך איבער די מענטשן.

14. די ערד שטעלט נישט נאָר צו רוי-שטאָפן פאַר שפייז, באַקליידונג, חוינונג, דערוואַרעמונג און פאַרשענערונג פון דעם לעבן, נאָר זי איז אויך אַ פלאַץ אויף צו וווינען, אויף צו פאַרהיטן אין באַוועגן מענטשן און זאַכן.

15. אומעטום, וווּ עס איז דאָ קולטור אין דעם טאָפּל־דיקן זינען פון וואָרט — באַארבעטונג פון ערד און אַנטוויקלונג פון דער נשמה אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען — זענען היינט־צו־טאָג גרויסע שטחים פון ערד איבערגעגאַנגען אין פּריוואַט־באַזיץ.

16. די פרייהייט פון ערד ווערט נישט געשטערט דורך דעם פּריוואַט־באַזיץ פון די ווין־פּלעצער, סיי ווען זי געהער צו אַ געמיינדע, סיי צו אַ יחיד.

17. אומעטום, וווּ עס איז דאָ קולטור, ווערט די פרייהייט געשטערט נישט דורך דער אָ ר ד ע נ ו נ ג, נאָר דורך אַ לאַנג־דויערנדיקער אומאָרדענונג.

18. אומעטום, ווו קולטור און פרייהייט דאַרפן לעבן צוזאַמען, מוזן די פאַרשיידענע פאַרבאַנדן פון אָרדענונג דערגענצן איינער דעם אַנדערן; דערביי מוז אָבער יעדע באַשטימטע געבונדנקייט פון מענטשן טראָגן אין זיך דעם פּרינציפּ פון אַ מעגלעכער אויפלייזונג.

19. אין אַ צייט פון עכטער קולטור אַנטשפּרעכט, למשל, דעם ערד־באַזיץ פון די פּויערים דער מאָנאָפּאָל פון די שטאָטישע צעכן און בעלי־מלאכהשע חברות; זיי דערגענצן זיך אַלס אַנטשפּרעכנדיקע פאָרמען פון איין אַרט לעבנס־געמיינשאַפט. די אַרבעטס־טיילונג ווערט דערגענצט דורך די פאַרטיילונג פון די רעכט, און אַפילו די נע־ונדניקעס און די בעטלער־מאָנאַכן באַזיצן אַ גאַראַנטירט רעכט אויף עקזיסטענץ.

20. אין אַ עפּאָכע פון עכטער קולטור אַנטהאַלט, למשל, די סאָציאַלע אָרדענונג פון פּריוואַט־באַזיץ אין זיך אַ רעוואָלוציאָנערן פּרינציפּ, וועלכער לייזט־אויף און שאַפט אַ נייעם סדר: דאָס איז דער פּרינציפּ פון י ו ב ל ־ י אָ ר.

21. די באַוועגונג פון די קריסטלעכע סעקטאַנטן און פּויערים־מלחמות אין מיטלאַלטער איז געווען דער קריסטלעכער פּרווו פון גייסט אַריינצופירן אין אַ רעוואָלוציאָנערן שטראָם און דערפירן צו אַ נייעם סדר די אַלטע פאַרדאַרבענע אָרדע־

בונג, וועלכע איז פאַרגליווערט געוואָרן אין אונטערטעניקייט, פעאָדאַליזם און קאַפּיטאַליזם.

22. נאָך דער מפּלה פון דעמדאָזיקן פּרוּוו שטאַרבט־אָפּ יענער פּרינציפּ פון פרייהייט און רעבעליע, וועלכער הייסט קריסטנטום. ער שטאַרבט־אָפּ אין יענעם מאָמענט, ווען ער לאָזט איבער די זאַכן און דעם סדר פון דער וועלט פאַר זיך אַליין און קאָנצענטרירט זיך נאָר אויף דעם ריינעם לעבן אין גייסט. דער טויט און דער טויטלעכער קאַמף פון קריסטנטום זענען פאַרקערפּערט אין מאַרטין לוטער.

23. אין דעם קאַמף פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן און גע־זעצלעכן שטאַאט קעגן דער ממשלה פון די פירשטן און פעאָ־דאַלן, אין דעם קאַמף פון דער וויסנשאַפט קעגן אָבערגלויבן און אונטערטעניקייט אַנטוויקלט זיך פאַמעלעך דער נייער פּרינציפּ פון אויפלייזונג און ניי־אָרדענונג, וועלכער הייסט ראַ־ציאָנאַליזם.

24. דערווייל האָבן זיך פאַרבונדן צווישן זיך דיביידע מעגלעכקייטן צו דערווערבן אָן שום אייגענער אַרבעט די אַרבעטס־פּראָדוקטן פון אַנדערע מענטשן: דאָס אַבסאָלוטע און אייביקע אייגנטום אויף ע ר ד, וועלכעס באַזירט זיך אויף פיזישער געוואַלט, — און דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער שטיצט זיך אויף דעם מיסברויך פון ג ע ל ט. מען קאָן עס אויסדריקן אַזוי: אויב אייניקע מענטשן זענען רייך און ווערן נאָך רייכער נאָר אַ דאַנק געלט, בעת אַנדערע מענטשן קאָנען לעבן אין אַ באַשיידענער רואיקייט נאָר אַ דאַנק זייער אַרבעט און פאַרשיידענע טריבוטן, איז עס טאַקע נישט קיין זייער שיין בילד, אָבער עס איז נאָך צו דערטראָגן. דאָסדאָזיקע בילד ווערט אָבער אומדערטרעגלעך און שעדלעך פאַר דער געזעלשאַפט אין אַ עפּאָכע, ווען די צאָל מענטשן, וועלכע פאַר־לירן די ערד, ווערט אַלץ גרעסער און זיי באַקומען נישט אָנשטאָט דעם די פּריווילעגיעס פון אַ מלאכה, ווען די גרויסע גרונט־באַזיצער טרייבן אין אַלץ גרעסערע מאַסן אָרעמע און ערדלאָזע פּויערים אין די פאַבריקן, ווען זייער אַרבעט פאַר־

וואַנדלט זיך סוף כּל סוף אין די פּאַקטישע הכנסות פון די קאַפּיטאַליסטישע ציַנזן.

25. דער ראַציאָנאַליזם, וועלכער האָט געטראָגן די דריי-פאַכע געשטאַלט: פון מאָדערנעם שטאַאַט, פון רעוואָלוציע און פון וויסנשאַפט, האָט זיך אין דערזועלביקער עפּאָכע גע-שפּאָלטן אין זעקס טיילן: פון איין זייט, האָבן די טענדענצן פון שטאַאַט, שטאַאַט-רעוואָלוציע און וויסנשאַפט געשטרעבט צו אַ נייעם סדר פון ס אָ צ י אַ ל י ז ם; פון דער אַנדערער זייט, האָבן זיך דידאַזיקע טענדענצן פאַרוואַנדלט מיט אַ לכתחילה שטאַרקערער מאַכט אין שטיצפונקטן און אינסטרומענטן פון דער פּ ל ו ט אָ ק ר אַ ט י ע.

26. דער מאָדערנער שטאַאַט, וועלכער טראָגט נאָך אַלץ אין זיך די טענדענץ פון רעכט און פון אַלגעמיינעם אויס-גלייך, זאָרגט אין די אַלע דורות נאָך זיין אַנטשטייאונג (דורך פיזישער געוואַלט און דורך גייסטיקן צוואַנג פון דער שול, וועלכע ווערט אונטערשטיצט פון דעם פיזישן צוואַנג, וועלכער דערלויבט נישט קיין שום פרייע שולן) הויפּטזעכלעך וועגן דער אויפהאַלטונג פון דעם אַבסאָלוטן אייגנטום-סדר און וועגן דער זיכערקייט פון די באַזיצנדיקע קלאַסן.

27. אין דער ר ע וו אָ ל ו צ י ע האָט זיך אימעטום אַנטפּלעקט די טענדענץ פון ראַדיקאַלער אויפלייזונג און טיף-גייענדיקן נייעם אויפבוי, אָבער די טענדענץ איז שטענדיק צוריקגעשטויסן און באַזיגט געוואָרן פון קעגן-כּחות. אין ענג-לאַנד האָט די רעוואָלוציע אין 17. יאָרהונדערט געפירט צו אַ פאַרשטענדיקונג און קעגנזייטיקער באַפעסטיקונג פון די פעאָ-דאַלן און קאַפּיטאַליסטישע בירגער. די רעוואָלוציעס פון פראַנקרייך אין דעם 18. און 19. יאָרהונדערט האָבן געפירט דערצו, אַז די קאַפּיטאַליסטישע בירגער האָבן פאַרפעסטיקט און פאַרהייליקט זייערע פריער-צוריקגעשטויסענע און באַגרע-נעצטע געשעפטן, אַז די קאַפּיטאַליסטן האָבן באַקומען אַלץ אַ גרעסערן חלק אין דער מלוכה-מאַכט.

28. דער אייראָפּעאישער קריג, וועלכער גייט איצט אָן, וועט אפשר פירן ווייטער דידאָזיקע אַנטוויקלונג אין פאַלגנ-

דיקע ריכטונגען: פון איין זייט, װעלן זיך אינגאַנצן פאַרשטענדיקן צווישן זיך די קאַסטע פון די פּריצים, די בורזשואַזיע, די אָפיצירן, די מלוכה-באַאַמטע, די קירך און די אוניווערזיטעטס-קרייזן, כּדי אויפצובויען זייער שטאַרקן טורעם פון געוואַלט; פון דער אַנדער זייט, װעלן טיפער און קלאָרער באַגרייפן זייער אויפגאַבע און זייער איינהייט די אַלע, װעלכע װענדן זיך מיט אַנטשלאָסנקייט און מוט צו דעם װידעראויפבוי פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

29. די *וויסנשאַפט* איז, אַ דאַנק איר שאַרפער אָפּלייקענונג פון די אָבערגלויבנס און איר דערקענטעניש פון די נאַטור-כּחות, באַרופן דערצו, צו דערלייכטערן און צו פאַרשענערן פאַר די מענטשן די אַרבעט פאַר די באַדערפענישן פון זייערע אינסטינקטן און זייער גייסט; די װיסנשאַפט האָט שוין אויך געלייגט די יסודות דערצו, זי האָט דורך דער נייער טעכניק געשאַפן די גרויסע באַטריבן פאַר דער פאַראַרבעטונג און דעם טראַנספּאָרט פון די נאַטור-אוצרות. זי האָט אָבער גלייכצייטיק צוגעלאָזן און געהאָלפן דערצו, אַז די ראַציאָנאַלע טעכניק פון דער װעלט-װירטשאַפט און פון דער עקספּלואַטאַציע פון די נאַטור-אוצרות זאָל צונויפגעמישט װערן מיט דער גראַנדיעזער, איראַציאָנאַלער און שענדלעכער טעכניק פון עקספּלואַטאַציע פון באַזיצלאָזע מענטשן. די אַלטע און עכטע *געמיינשאַפט*, אין דעם זינען פון געמיינזאַמען נוצן, איז פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ נייע און שעדלעכע *געמיינקייט*, אין דעם זינען פון אַ געלט-יאָגעניש, װעלכע שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום געזעלשאַפטלעכן שאָדן. דעם ריוח פון דער אַרבעט באַקומען נישט די אַרבעטער, נאָר די רייכע; די אַרבעטס-טיילונג און די מאַשינען ברענגען נישט אַריין אין דעם לעבן פון אַרבעטער קיין פאַרשענערונג און פאַרגייסטערונג, נאָר אַ פאַרטעמפּונג און אַ נאָך מער אינטענסיווע אָנשטרענגונג. די אַרבעטער — מענער, פרויען און קינדער — האַלטן שוין לאַנג פאַרניכטעט געװאָרן פיזיש און זעליש, װען זיי װאָלטן נישט אַרויסגעריסן און אַרויסגענאַרט ביי דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קעגנער אַ פּאָר אייגענע סאָציאַלע

אַנשטאַלטן, און ווען דער פּאָליצײ-שטאַאט וואָלט נישט געקומען צו הילף סײ זײ, סײ די קאַפּיטאַליסטן גופא. אזוי אַרום האָט דער קאַפּיטאַליזם זיך אָפּגעזאָגט נישט נאָר פון זײן ליבעראַליזם און זײן עקאָנאָמישער פרײהײט, נאָר אויך אין אַ טײל העכערער מאָס פון דער גײסטיקער פרײהײט; די בורזשואַזיע האָט פאַרלײקנט איר פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציע און באַנײאונג פון דער מענטשהײט. דורך דערדאָזיקער צונויפּפּאָרונג פון דער פּלוטאָקראַטיע מיט דער ביוראָקראַטיע איז אַרויסגעוואַקסן אַ נײע, אַבסאָלוט-גײסטלאָזע פאָרם פון דעמזעלביקן פעאָדאַליזם, קעגן וועלכן די נײע תקופה איז אַמאָל אַרויסגעטרעטן אין קאַמף.

30. דער פּרינציפּ פון אומוועלצונג, פון פּאַרטיפּונג, פון פּשרותלאָזיקײט, פון דורכדרינגען דאָס לעבן מיטן חשק צו פאַרווירקלעכן אַלץ, וואָס דער גײסט האָט אָנערקענט אַלס גוט, נויטווענדיק און מעגלעך, — אָט דער פּרינציפּ הערשט אומפאַרענדערלעך אין דער וויסנשאַפט. אָבער אין דער פּערזאָן פון אירע פאַרטרעטער און אין זײערע מערערע דערקלערונגען איז הײנט-צו-טאָג די וויסנשאַפט געוואָרן קאַפּיטאַליסטיש-פאַרקויפלעך, מלוכהש-פרום, הכנעהדיק פאַר דער פּאָליצײ, און אַלזאָ פּחדנותדיק און ליגנעריש.

31. אין דער מענטשן-וועלט גײט שטענדיק אָן אַ פּראָצעס פון פאַרענדערונגען — אַנטוויקלונג אין משך פון לענגערע פּעריאָדן, רעוואָלוציעס נאָך לאַנגע תקופות פון פּאַסיוויטעט, גלײכצײטיקע באַוועגונגען פון אויפלײזונג און ירידה, פון תחית המתים און פאָרטשריט, — ווײל די דערוואַרטעטע פולקאָמענקײט שטײט שטענדיק אין אַ סתירה צו דער אויסגעקעמפטער ווירקלעכקײט.

32. די אויפגאַבע פון די פאַרענדערונגען איז נישט צו שאַפן פולקאָמענע אינסטיטוציעס מיט אַ גאַראַנטיע, אַז זײ וועלן נישט ווערן פאַרדאָרבן, נאָר צו וועקן אַזאַ גײסט, וועלכער דערלאָזט נישט צו קײן שום רו, צו פאַרגלײכן פון צײט צו צײט די ווירקלעכקײט מיט דער וויזיע און איבערצואַנדערשן זי אין דעם גײסט פון דער וויזיע.

33. אין קריסטנטום איז גייסט געווען אַ מיטאָס, אין וועלכן מען האָט געגלויבט, און אַ חילן צו ריינקייט, וועלכע האָט אויסגעפילט דאָס גאַנצע טעגלעכע לעבן. אָט דאָס בילד פון גייסט האָט דער ראַציאָנאַליזם פאַרוואַנדלט אין קונסט, ד. ה. אין אַ זאַך, וואָס מען איז תופס אַלס אַ פּראָדוקט פון מענטשלעכן שאַפן, אין אַ זאַך, וועלכע האָט שוין מייסטנס פאַרלאָרן איר כאַראַקטער אַלס פייער און קדושה פון בענקשאַפט.

34. עס מוזן באַנייט ווערן די אַלע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען, אַ דאַנק דער פאַרוואָרצלטער גייסטלאָזיקייט, אחריות־לאָזיקייט, שלעכטסקייט, געוואָרן אַ מקור פון אומרעכט, וואָס פאַרמינערט ווידעראַמאָל דעם סכום פון דעם גייסט; מען מוז באַנייען אָט דעמדאָזיקן גייסט גופא, אָן וועמעס שטענדיקער, זוכנדיקער, פאַרצערנדיקער, נאָך ריינקייט בענקענדיקער אַקטיוויטעט כאַפּט זיך אַריין די סכנה פון אונטערגאַנג אין יעטוועדער אַנשטאַלט. אָט דידאָזיקע טאָפּלדיקע, און נישט איינמאָליקע נאָר פּערמאַנענטע, באַנייאונג איז דער אינהאַלט פון יענער ראַציאָנאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע הייסט סאָציאַליזם.

35. די בענקשאַפט פון דער קריסטלעכער נשמה נאָך ריינקייט, גוטסקייט און לכל הפּחות גערעכטיקייט איז געווען אַ פלאַם פון דער געמיינשאַפטלעכער אמונה, וועלכע האָט זיך געצויגן אין יעדן שטעטל אַלס קירכלעכער טורעם צום הימל. דער סאָציאַליזם איז, פון זיין זייט, אַ פּרוּוו צוּ־גויפצובינדן דאָס לעבן פון מענטשן דורך פרייהייט אויפן יסוד פון געמיינזאַמען גייסט, ד. ה. צו פירן זיי צו אַ רעליגיע אויף אַן אַנדער אופן: אַזוי אַז דאָס בילד פון זייער געמיינשאַפט זאָל געשטאַלטעט ווערן דורך דעם גייסט נאָר אין די פאָרמען פון נאַטור־פאָרשונג, וואָס איז וויסנשאַפט, און פון הייליקן שפּיל, וואָס איז קונסט.

36. דריי פאַראייניקטע כחות פון גייסט זאָלן טאַקע אין אונזער צייט איבערנעמען די פירונג: דאָס דערקענען פון דער וועלט, דאָס פילן פון איר זינען, דאָס שטרעבן צו יושר